## יצחק גוטערמאַן

ISBN:0-657-12211-4





# באַנייטע טעג

פאַרלאַג * יידיש בוך *

יצחק גוטערמאַן

# באַנייטע טעג




פאַרלאַג „יידיש בוך" וואַרשע 1954

I. GUTERMAN

# ODNOWIONE LATA

Redaktor: D. SFARD

רעדאקטאָר: ד. ספארד

Okładkę projektował: I. REJZMAN

הילע געצייכנט: י. רייזמאן

*Printed in Poland*

Wydawnictwo „Idisz Buch“ Warszawa, Nowogrodzka 5

Nr zam. 1421. Nakład 5,500 egz. Druk ukończono we wrześniu 1954 r.
Ark. druk. 7,5. Ark. wyd. 6,5. Papier mat. VIII kl. 61 × 86 cm, 60 g.
Druk RSW „Prasa“, Warszawa, Tarczyńska 8. 5-B-54585.

# דאָס לעבן האָט אים צוריקגערופן

## קאַפּיטל איינס

### I

העכער א האלב יאָר צייט האָט ער קיין שטענדיק זיץ־אָרט נישט געהאט, וואָרעם אויף קיין רגע האָט אים נישט פארלאָזט דער געדאַנק און דער חשק צו פאָרן אין זיין שטעטל אריין. אָבער ער האָט דאָס כסדר אָפּגעלייגט. ער האָט זיך צייטווייליק איינגעאָרדנט דאָ אין א שטאָט, דאָ אין א שטעטל אויף די נייע געביטן אין פוילן, אומעטום מיט דער דעה באלד ארויסצופאָרן, נאָר דערווייל איז ער אראָפּגעשטיגן אויף א צווייט אָרט און דאָרט פארבליבן. עפּעס האָט אים צוריקגעהאלטן פון צו פאָרן אין דעם שטעטל, נאָך וועלכן ער בענקט שוין אזויפיל יאָרן, ביז ענדלעך אין א זומער־טאָג, נאָר אין א רעגנדיקן וועטער, האָט ער ווידער באַטרעטן די דאָזיקע ערד.

ווען ער איז געווען אָפּגעריסן פון דעם שטעטל, איז עס ביי אים אין געדאַנק מיט יעדן טאָג שענער געוואָרן, אָבער אין דער אמתן איז עס פאַר דער צייט געוואָרן גרוי, אָפּגעבליאַקעוועט, ווי א מלבוש, וואָס עלטערט זיך. דערפאר האָט דאָס שטעטל אין זיינע אויגן איצט אויסגעזען טאָפּלט מיאוס. דערצו נאָך איז עס געווען טריב פון רעגן־טאָג. עס קאָן אפשר אויך זיין, אז נאָך דער גרויסער ברייטער וועלט, וועלכע מענדעלעוויטש האָט די אלע יאָרן אויסגעוואנדערט, זעט אים דאָס שטעטל איצט אויס אזוי קליין, ענג און גרוי.

ער האָט גענומען גיין צו זיך אהיים. אויפן וועג איז ער פארבייגעגאנגען באַקאַנטע הייזער, ווו אין יעדן פענצטער האָט ער אַמאָל געפּלעגט זען היימישע מענטשן. ער האָט זיך שטענדיק באַגריסט מיט זיי, א ביסל געשמועסט. איצט איז דאָס אַלץ שטום פאַר אים, נישטאָ קיינער פון יענע מענטשן. ער איז אריין אין פארק און זיך געזעצט אויף א ווייסער באַנק. פון די בלעטלעך אויף די ביימער האָבן געקאַפּעט טראָפּנס. ווען א טראָפּן האָט זיך אראָפּגעלאָזט, האָט דאָס בלעטל דערלייכטערט זיך געגעבן א הייב אונטער, ווי עס זאָל אָפּאָטעמען

גאָכן באפרייען זיך פון דער משא. מענדעלעוויטש האָט יעדעס מאָל אָפּגעווישט די פייכטקייט פון זיינע באקן.

נישט ווייט פון אים זענען פארביינעגאנגען צוויי פרויען. לויט די שאלן אויף די קעפּ און לויט די גראָבע, קורצע, מיט גאָלד געליישטע ביכער אין זייערע הענט האָט מען געזען, אז זיי קומען נאָר וואָס פון קאָשטשאָל. זיי האָבן זיך איינגעקוקט אין אים און איינע האָט א זאָג געטאָן:

— אוי, אַ ייד זיצט דאָך דאָ!

און די צווייטע האָט באלד געגעבן א כאפּ אונטער:

— דאָס איז, דוכט זיך, דער האנט־שערער, וואָס האָט געוווינט ביי... ווי האָט ער דאָס געהייסן? יאָ, ביי גוטהאָלצן!...

מענדעלעוויטשן איז נישט געווען קלאָר, צי אין טאָן פון זייער רעדן ליגט פארווונדערונג אָדער פרייד, צי אפשר גאָר פארדראָס, וואָס ער געפינט זיך דאָ. ער האָט זיך אויפגעהויבן און געוואָלט צוגיין פרעגן, צי זיי ווייסן נישט עפּעס פון זיין פעסיען. אָבער אין קאָפּ האָט זיך אים א מיש געטאָן: נישט ווייט איז דאָך זיין שטוב, וועט ער ארייננגיין און זען. אָבער ער איז אוועק אין אן אנדערער גאס. ער האָט אייפגעזוכט די הייזער, וו עס האָבן געוווינט זיינע ברידער און זייערע אויסגעגעבענע קינדער. ער האָט אַריינגעקוקט אין די פענצטער, צוגעגאַנגען צו די טירן, אָבער אינעווייניק איז ער נישט אריין. דערנאָך האָט ער באקוקט די גאסן, יעדעס הויז, און האָט צומאָל נישט געדארפט קיין טראכט טאָן, ווער עס האָט דאָ געוווינט. דער נאָמען פון יעדן איינוווינער און זיין אויסזען איז אים גלייך געקומען אין קאָפּ אריין. איטלעכער מענטש האָט זיך ביי אים אין געדאנק באלד פארבונדן מיט אַ פּאַסירונג, מיט א באגעגעניש. ביי איין הויז האָט ער מיט ביידע הענט זיך אַ טאפּ געטאָן די וואָנצעס. שטענדיק, ווען ער פלעגט פארבייגיין פאר די דאָזיקע פענצטער, האָט די קלייגע זיסל, דעם ברודערס טעכטערל, א געשריי געטאָן:

— אוי, דער פעטער מיט די וואָנצעס גייען! — מענדעלעוויטש האָט נאָכאמאָל אויפגעהויבן די הענט און מיט די פינגער צוגעגלעט אין ביידע זייטן די וואָנצעס, וואָס האָבן אויסגעזען, ווי גראָבע, ברוינע ציגארן מיט די דינגע שפּיצן צו די באקן צו. ער האָט זיי גלייך געמאַכט, ווי גרייטנדיק, אַז עמעצער, וואָס האָט זיי ליב, זאָל באלד א קוק טאָן אויף זיי און זיך פרייען.

## II

אויף די טרעפּלעך פון א געוועלבל האָט ער באמערקט אויף עמעצנס פים אַ פּאָר האלבע לאַטשן מיט גומיע ביי די זייטן, ווי עס פלעגן אמאָל טראָגן חסידים און טיילמאָל אויך באלעבאטישע מענטשן. עס איז אים אויך געבליבן אין בליק

יענעמס מאנטל פון שווארצן קאָרט מיט א פּאסאָן א ביסל געענדערט פון דעם שניט פון א קאַפּאָטע.

מענדעליעוויטש איז שוין געהאט אָפּגעגאנגען עטלעכע טריט, אָבער ער האָט זיך אומגעקערט און אריינגעקוקט אין געוועלבל. ער געדענקט נישט אויף געווים, צי די זעקלעך מיט שפּייז, די שאכטלען און סלאָיקעס זענען פּינקטלעך אזוי געשטאַנען, אָבער דאָס געוועלבל איז גענוי דאָס זעלבע. ער האָט שוין שטאַרקער זיך איינגעקוקט אין דעם, וואָס איז געשטאַנען אויף דער שוועל. ער איז מענדעליעוויטשן אַפּילו אויסגעקומען א ביסל קענטלעך, אָבער ער האָט זיך נישט געקאָנט דערמאָנען, ווער ער איז. מענדעליעוויטש איז שוין געהאַט אוועק א שפּאָר שטיקל וועגס, נאָר ער איז ווידער צוריקגעגאנגען, נישט קאָנענדיק זיך דערווייטערן פון דעם אָרט. מיטאַמאָל האָט ער זיך אָנגעגומען פאר א שוך-אייזן ביי אַ שויפענצטער, ווי ער זאָל האָבן עפּעס געכאַפּט און וויל עס נישט ארויסלאָזן פון די הענט. יאָ, ער האָט אים! דאָס איז ער! דאָס איז דאָך דאָס קאָוואלסקעלע, איינער פון דער באַנדע, וואָס האָבן געשיצט שטרייק-ברעכער ביי די טויערן פון פאבריקן, אומגעוואָרפן סטראגאַנעס אויף די מערק, פּיקעטירט יידישע געוועלבער. אָט די דאָזיקע האָבן אָנגעהויבן נאָך פאר היטלערן, נישט זיי האָבן צוגעהאָלפן היטלערן, נאָר היטלער האָט זיי צוגעהאָלפן.

אָפּגייענדיק א שטיקל וועגס, האָט מענדעליעוויטש דערהערט הינטער זיך שנעלע טריט, ווי עמעצער זאָל אים וועלן אָניאָגן. ער האָט זיך נישט אומגעקוקט, כדי נישט ארויסצווייזן, אז ער טראכט צומאָל, אז מען מיינט אים. די טריט זענען געוואָרן שטילער, לאנגזאמער, געגאנגען אין איין קלאנג מיט זיינע. אַ יונגער מענטש מיט אַ בלאַס, שמאָל פּנים האָט זיך צו אים געוואָנדן:

— פּאַניע מאיר, דער מאַטעשי האָט אייך געזען פארבייגיין פארן פענצטער, האָט ער אייך באלד דערקאָנט... ער האָט געבעטן אריינצוקומען א ביסל צו אונדז.

מענדעליעוויטש האָט דעם יונגערמאַן אריינגעקוקט אין די שטילע, תמימותדיקע אויגן. ער האָט אים אויסגעזען, ווי נאָכנישט קיין פולער מאַנצפּערשוין, אָבער אויך שוין נישט קיין יינגל.

— ווער איז דאָס דער מאַטעשי?

— איר דערקאָנט מיך נישט... איך בין נאָך דעמולט געווען א יינגל. מיין פאָטער איז דאָך סטאַך פון דער קעליער-שטוב. איך בין יאַנעטשעק... איר געדענקט, ווי איר האָט מיט מיין פאָטער צוריק אריינגעשטעלט די זאכן צו הענעך דעם סטאָליאר, און איך האָב צוגעהאָלפן?... איר האָט דערנאָך שטענדיק געלאַכט פון דעם, וויאזוי איך האָב דעם קאָמאָרניק באהאלטן דאָס היטל. ער האָט געשריגן, אז דאָס איז קעגן געזעץ, וואָס איר האָט צוריק אריינגעשטעלט די זאכן אין אן עקסמיטירטער שטוב, און איר האָט געזאָגט, אז א קאָמאָרניק אָן א היטל איז קיין קאָמאָרניק נישט, און מען וועט אים באשטראָפן דערפאר. ער האָט געשריגן, אז דאָס האָט

מען אים דאָ צוגענומען דאָס היטל, און איר: אז ער איז באַלד געקומען אָן א היטל און זיין ארויסוואַחפן די זאכן איז נישט גילטיק... זיינע אייגענע פרעגערס האָבן געלאַכט דערפון. דער פאָטער דערציילט וועגן דעם שטענדיק, ווען ער דערמאַנט אייך. „ער האָט דאָס גוט אויסגעטראַכט, דער מאיר“, — זאָגט ער. אז ער האָט אייך איצט דערזען דורכן פענצטער פאַרבייגיין אַ לעבעדיקן, האָט ער זיך דערפרייט. „לויף ארויס, — זאָגט ער צו מיר, — און רוף אים אריין, מאירן“... איר גייט נישט אריין צו אונדז?

## III

מענדעלעוויטש איז געגאַנגען ווייטער. ער האָט זיך עפּעס דערמאַנט וועגן דעם, וואָס יאַנעטשעק האָט אים דערציילט. נאָר ער האָט איצט נישט געהאַט קיין קאָפּ דערצו. ער האָט זיך אויסגעפרעגט וועגן זיין משפחה, צי מען ווייסט נישט עפּעס, וווּ זיי זענען אהינגעקומען, ווען דאָס איז געשען און וויאַזוי. יאַנעטשעק איז מיטגעגאַנגען מיט אים ביז צום טראַמוויי און איבער וועג דערציילט אַ סך וועגן דעם, וואָס ס'איז דאָ פאָרגעקומען. וואָס מיט יעדערן פון זיין משפחה איז געוואָרן, קאָן ער נישט וויסן, ווייל אין אָנפאַנג האָט מען נאָך געקאָנט עפּעס אריינגעבן, עפּעס זיך הערוויסן, נאָר שפּעטער האָט מען דערשאָסן יעדן, וואָס האָט זיך דערנענטערט צו די דראָטן.

דערנאָך האָט אים יאַנעטשעק נאָך דערציילט, וואָס עס הערט זיך איצט אין שטעטל, ווי עס הייבט זיך אָן אייננצושטעלן אַן אַנדער לעבן. פלוצלינג האָבן זיי ביידע הינטער זיך דערהערט אַן אויסגעצויגן געשריי, ווי אַ הירזשען מיט אַ מענטשלעכן קול:

— אהה אהה אהה!!... וואָס פאַר אַ געשעפטעלעך מאַכסטו דאָ מיט דעם ייִדל, האַ?!

זיי האָבן דערזען נאָענט פון זיך אַ רויט פּנים פון אַ דערוואַקסענעם פאַרשוין, וואָס נעבן דער שלייף איז ביי אים געווען אַ בייל, אַ פלאַמיק בלויע און גלאַנציקע, ווי אַן אָנגעצויגענע באַנקע.

ער האָט צוגעטראָגן זיין פּנים צו מענדעלעוויטשן און אין זיינע גלאַנציקע אויגן איז געלעגן אַ געלעכטערל פון חוזק:

— נו, פאַרקויפסטו די הייזלעך? איך נעם זיי אַלע צו...

מענדעליעוויטש איז געשטאַנען אַ געפּלעפטער און געמורמלט צו זיך:

— וואָס פאַרא הייזער?

— הע, קוקט אים נאָר אָן, היעם נישט דערקוילעטן... וואָס פאַרא הייזער?! מאַכט זיך געפּגרט! דיינע און דער באָבעס און דעם פעטערס און די מומעס און

די, וואָס דו האָסט די אייניקלעך אָפּגעשריבן... אַלץ נעם איך צו, קלינגערס אויף דער האַנט...

מענדעלעוויטש האָט געקוקט אויף יאַנעטשעקן:

— וואָס וויל ער? וואָס פאַרא הייזער?

יאַנעטשעקס שמאָל אויסגעבלייכט פּנימל איז געוואָרן רויט ווי האָרנדיק:

— טראָג זיך אָפּ פונדאַנען, דו אויסוואָרף!

יאַנעטשעק האָט אויסגעזען קעגן אים, ווי אַ קינד קעגן אַ בער, אָבער דער צעוואַקסענער פאַרשוין האָט מורא געקריגן. ער האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אים און אין איין אויגנבליק פאַרשוווּנדן.

די רויטקייט אויף יאַנעטשעקס פּנים האָט זיך לאַנגזאַם געלאָשן. שוין אַ ביסל אַ באַרואיקטער האָט ער זיך ארומגעקוקט:

— איר זעט, חבר, די חורבות, די בערג מיסט, וואָס דער אָקופּאַנט האָט איבערגעלאָזט? דאָס אַלץ דאַרף מען אראָפּרוימען... ער איז נישט איינער, זיי רויען זיך נאָך אין אַלע ווינקעלעך, שטעקן ארויס די קעפּ פון די לעכער...

מענדעלעוויטשן איז אויף אַ רגע אויפגעשוווּמען אין קאָפּ יענער פאַרשוין, ווען ער האָט היינט ביים אָנקומען געטראָפן שטיין פאַרן געוועלב.

— אָבער וואָס פאַרא הייזער האָט ער געוואָלט פון מיר? — האָט מענדעלעוויטש אַלץ נישט געקאָנט באַנעמען.

— דאָ קומען צייטנווייז אַזעלכע אַהער פון אייערע, וואָס נעמען אָפּ הייזער און פאַרהאַנדלען זיי שאַקע צו אים און צו אַנדערע אַזעלכע מעקלערס.

זאָגנדיק דאָס, האָט יאַנעטשעקס פּנים זיך ווידער לייכט פאַרווייטלט, ווי עס זאָל זיך אָפּשלאָגן אַ פאַרשעמטקייט פון מענדעלעוויטשן, וועלכער האָט אַוועקגע-דרייט דאָס פּנים אין אַ זייט, מורא האָבנדיק, אַז יאַנעטשעק זאָל נישט ארויסלייע-נען פון זיינע אויגן, וואָס ער טראַכט.

דער אָנקומענדיקער טראַמוויי האָט זיך געשטעלט מיטן אַריינגאַנג פּונקט פאַר מענדעלעוויטשן. ווען ער איז שוין געשטאַנען אויפן טרעפּל, האָט ער אויסגע-שטרעקט אַ האַנט צו יאַנעטשעקן, וועלכער האָט זי אַ פעסטן דרוק געטאָן.

## IV

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל אויף דער באַנק, אַריינגערוקט די הענט אין די אַרבל, איינגעצויגן דעם קאָפּ אין קאָלנער פון זיין גראָבן מלבוש און איז אַזוי געזעסן אַן איינגעקאָרטשעטער. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און געוואָלט גאָרנישט טראַכטן. אָבער אינעווייניק אין אים האָט עפּעס געברויזט, און ביים לייכטסטן אונטערשפּרונגען פון טראַמוויי האָט ער זיך באַלד איבערגעוועקט פון דרימל און געעפנט די אויגן. אויף דער ערשטער סטאַציע, ווען דער טראַמוויי האָט

זיך אַ ביסל האַסטיקער געגעבן אַ שטעל אָפּ, האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער.

דער טראַמוויי איז געשטאַנען פונקט אַנטקעגן לייזער קאַמינערס דריישטאָקיקער קאַמיעניצע. די מויער האָט נאָך אויסגעזען לייטיש. אויפן טראָטואַר זענען געשטאַנען צוויי מענטשן און זי באַטראַכט, זיי זענען אַרייַנגעגאַנגען אין טויער, באַלד צוריק אַרויסגעקומען און ווידער באַטראַכט אין דער גאַנצער ברייט און הייך. מענדעלעוויטש האָט מער נישט געקוקט אויף דער קאַמיעניצע, נאָר אויף די צוויי מענטשן. איינער פון זיי איז געווען דער זעלבער, מיט דער בלויער בייל ביי דער שלייף. דעם צווייטן האָט ער נישט באַלד דערקאָנט. דער טראַמוויי איז געשטאַנען סך־הכל אַ צוויי־דריי מעטער פון טראָטואַר און מענדעלעוויטש האָט גענוי געקאָנט זען זייַנע גלאַנציקע פאַנטאָפל, דעם נייעם, העלן אָנצוג און דעם קראַוואַט פון שרייַענדיקע, רייסנדיקע קאָלירן. עס האָבן זיך אים אויך געוואָרפן אין די אויגן אַרייַן די אויפגעפוישטע, שוואַרצע, געקרייזלטע האָר, שיין אויפגעקעמט, מיט אַ גלייכן שרונט אין דער זייט. מענדעלעוויטשן איז שוין געוואָרן אויפפאַלנדיק, ווער עס קאָן זיך אַזוי אינטערעסירן מיט קאַמינערס הויז, און מורא האָבנדיק, אַז דער טראַמוויי זאָל נישט באַלד אַ ריר טאָן, האָט ער זיך אויפגעשטעלט און געוואָלט צוגיין צום אַרויסגאַנג. אָבער אין דער מינוט האָט דער אין העלן אָנצוג זיך אַזאַ דריי געטאָן, אַז מענדעלעוויטש האָט דערזען דאָס גאַנצע פּנים זייַנס. עס איז פאַר אים נישט געווען קיין שום ספק, אַז דאָס איז לייזער קאַמינערס זון. נאָר ער האָט זיך נישט געקאָנט קלאָר מאַכן, וועלכער דאָס איז, ווייל ביי די קאַמינערס זענען געווען דריי זין. דער מיטלסטער איז דאָס זיכער נישט, וואָרעם יענער איז געווען אַ קורצער און דיקער, טאָ מוז דאָס זיין אָדער דער עלטסטער, לעאָן, אָדער דער ייִנגסטער, איגנאַש, וועלכער איז מסתמא פאַר דער צייט אַזוי אויסגעוואַקסן.

דער טראַמוויי האָט אַ קלונג געטאָן און אַוועקגעריסן מענדעלעוויטשעס בליק פון דעם אָרט, צו וועלכן ער איז געווען אַזוי צוגעשמידט. ער האָט נאָך באַוויזן צו זען, ווי דער יונגער קאַמינער האָט דעם פּאַרשוין מיט דער בייל גענומען אונטערן אָרעם, געשמייכלט צו אים, געשעפטלעך אַרייַנגערעדט, אָנווייַזנדיק אויף דער קאַמיעניצע.

די הייזער זענען וואָס אַמאָל שיטערער געוואָרן, דער טראַמוויי איז אַרויסגעפאָרן פון דער שטאָט. מענדעלעוויטש האָט געזען בלויז פעלדער. אַן אייַנגעקאָרטשעטער אין ווינקל, האָט ער שוין ווייטער געדרימלט אַ גאַנצן וועג, הערנדיק פון צייט צו צייט אַ פאַרנעפּלט קלינגען פון טראַמוויי.

צוזאַמענגענומען איז ער געזעסן אויף אַ באַנק אין ייִדישן קאָמיטעט פון דער וואָיעוואָדישער שטאָט, צו וועלכער עס האָט געהערט זייַן שטעטל, און געוואַרט אויף זייַן ריי צו רעדן מיטן באַאַמטן. ער האָט געטראַכט, אַז ער האָט שוין אָפּגעטאָן;

אַלץ, וואָס איז פאַר זיינע כוחות. ווען אַלע פאַר אים, וואָס האָבן געוואַרט אין דער ריי, האָבן שוין געהאַט דערליידיקט זייערע ענינים, האָט ער זיך ביי דער באַריערע צוגערוקט נענטער צום באַאמטן און אים געזאָגט, אַז ער איז אַלט און האָט קיין כוח נישט, ער איז איינער אַליין, האָט נישט ווו צו זיין און ער בעט אים אָנצונעמען אין זקנים־הויז.

## קאַפּיטל צוויי

### I

אין גרויסן עס־זאַל זענען די טישלעך, צוזאַמענגעשטעלטע אין לאַנגע רייען, געווען באַדעקט מיט ווייסע טישטעכער. אין ביידע זייטן זענען געזעסן זקנים און זקנות, געבראָקט שטיקלעך געבעקס אין דער זופּ, געשמשמאָטשקעט ביינדלעך פון פיש און פלייש. די קנייטשן אויף די אַלטע פּנימער האָבן זיך צעביסלעך אויסגעגלעט פון הנאה, און די צופרידנקייט האָט אַרויסגעברענגט אויף זיי יוגנטלעכע פאַרבן. טייל האָבן זיך געקוקט איינע די אַנדערע אין די טעלער אַריין און מקנא געווען די, וועלכע קאָנען נאָך גוט קייען אויף די ציין, וועלכע האָבן נאָך קיין עין־הרע אַן אַפּעטיט. אין אַנדערע ערטער ביים טיש האָט מען גאָרנישט געדענקט אין טעלער, בלויז זיך אָנגעגאָסן וויין אין די גלעזלעך, געברומט זמירלעך און אפילו זיך צעזונגען הויך אויף אַ קול. אַ סך האָבן דערביי געהאַלטן פאַרמרוזשעט די אויגן, ווי זיי וואָלן וועלן איינהאַלטן דאָס זיסע געפיל, מיט וועלכן זיי זענען פול געווען. מאַנכע האָבן זיך מיט אַ שטיפעריש שמייכעלע געווונטשן.

— אימיערצעשעם ביי אייך.

צוויי איינוווינער פון זקנים־הויז, ער אַ ביסל איבער די זיבעציק, זי אַ ביסל פאַר די זיבעציק, האָבן חתונה געהאַט, און איצט האָט מען געפּראַוועט זייער חתונה־סעודה. מענדעלעוויטש איז פּונקט אָנגעקומען מיט עטלעכע פעקלעך, וועלכע זענען געווען די גאַנצע באַלעבאַטישקייט זיינע. ער איז גלייך פאַרבעטן געוואָרן צום טיש מיטצופרייען זיך מיט דער שמחה. אָבער אים האָט געצויגן אין בעט אַריין, און אַראָפּוואַרפנדיק פון זיך די פעקלעך אינעם צימער, וואָס איז געווען פאַר אים באַשטימט, האָט ער זיך באַלד געלייגט, אַדורכשלאָפנדיק געשמאַק די גאַנצע נאַכט. ער וואָלט נאָך לענגער געשלאָפן, נאָר זיין שכן פון זעלבן צימער האָט אים געטרייסלט ביים אַקסל:

— פעטער, פעטער, אפשר האָט איר אַ פּאַפּיראָס?

מענדעלעוויטש האָט א ליגנדיקער אויסגעדרייט דעם קאָפּ, א קוק געטאָן אויף אים מיט א פארשלאָפענעם בליק און צוריק פארמאכט די אויגן. נאָר יענער האָט זיך אָוועקגעזעצט ביי אים אויפן בעט און אַריינגעטענהט אין זיין פּלייצע:

— א מענטש האָט דאָס א ביסל א כוח צו שלאָפן... איך קאָן שוין פון פיר שעה קיין אויג ניט צומאכן... ס'איז שוין באלד צייט מנחה צו דאווענען, און ער האָט נאָך קיין גענגל־וואַסער ניט אָפּגעגאָסן... רעב ייד, רעב ייד, איר וועט נאָך דאָס אָנבייסן פאַרשפּעטיקן...

ווען דאָס מורמלען האָט זיך שוין מענדעלעוויטשן שטאַרק איינגעגעסן אין זיין פון שלאָף פאַרנעפּלטן מוח, האָט ער אַן עפן געטאָן אַ פּאָר גרויסע אויגן און גע־קוקט מיט הידוש אויף דער אַרומיקייט, וואָס איז אים געווען פרעמד. ווער איז דער ייד, וואָס זיצט מיט אזא היימישקייט אויף זיין בעט?

דער ייד האָט זיך צו אים צוגעבויגן און שטיל, ניט דרייסט, אפילו מיט א שטיקל מורא פאר א געבייזער, אייליק אָפּגעכאַפּט:

— איר האָט אפשר א פּאַפּיעראָס, א פּאַפּיעראָס אפשר האָט איר?

— איך רויכער ניט!

— אזוי גאָר!... איר רויכערט ניט! — האָט דער ייד אַ קנייטש געטאָן דעם שטערן מיט הידוש און זיך אָנגענומען ביים גרוייזן בערדל. — אזוי גאָר!...

— מאַ לייט מיר א פּאָר גראָשן, וועל איך געבן א שפּרונג אראָפּ נאָך א פּאַ־פּיעראָס...

בלייבנדיק אליין, האָט מענדעלעוויטש זיך ארומגעקוקט, באטראכט די ווענט, זיך באקענט מיט זיין נייער היים. אים האָט אינטערעסירט יעדע קלייניקייט, ווייל פון איצט אָן וועט ער מיט דעם אַלעם לעבן. דערהכן פענצטער האָט ער געזען א גרויסן, ברוקירטן הויף, איבער וועלכן עס האָבן מיט קליינע טריט שפּאַצירט אלטע לייט. זיי זענען געקראָכן פּאמעלעך, אין ערגעץ און צו נאָרנישט זיך איילנ־דיק, גלאט אזוי, אָן א ציל. א פרוי האָט פאָרזיכטיק געטראָגן א טעפּעלע טיי, צי קאווע, און ביי אים האָט זיך געשאַפן דער איינדרוק, אז זי נוטיקט זיך גאָרנישט אין דעם, נאָר זי טוט דאָס בלויז, כדי צו האָבן א באַשעפטיקונג, צו פארטרייבן די צייט. הגם די אויגן ביי מענדעלעוויטשן זענען ניט געווען אזעלכע געזונטע, האָט ער אפילו מיט זיין קורצן בליק געקאָנט ארומנעמען דעם גאנצן דרויסן פון זיין נייער וועלט, אין וועלכער ער איז אריינגעקומען צו פארברענגען דאָס לעצטע ביסל יאָרן פון זיין לעבן.

## II

ער האָט זי באלד פון אָנפאַנג אָן געזען די נייע וועלט זיינע אין איינטאָניקע, א גרויע, און ווען ניט די טרויעריקייט אין דער שלאָף, וואָס איז געלעגן אין אלע זיינע ביינער, ווען ניט דאָס, וואָס ער איז געבליבן איין מענטש אליין אויף דער

וועלט, וואָלט ער זיך אפשר געווען פארטראכט, צי ער זאָל דאָ פארבלייבן. ער האָט זיך געזעצט אויפן בענקל ביים פענצטער, נאָר ער האָט נישט לאנג ארויסגע־קוקט, ווייל די אויגן האָבן זיך אים ביסלעכווייז פארמאכט. אָבער אויך דרימלען האָט ער לאנג נישט געקאָנט, ווייל די טיר האָט זיך געגעבן אַ האַסטיקן ריס אויף, און פון דעם טומל האָט ער זיך אויפגעכאפט און אויסגעדרייט דעם קאָפּ. דער ייד איז צוריקגעקומען מיט א פול מויל מיט רויך און רייד:

— אַ מחיה־היהדיקע זאַך אַ פאַפּיראָס, איר הערט, אַ מחיה, ריבּ ייד. אַ שאָד, וואָס איר רויכערט נישט. א מענטש זאָל זיך נישט אָנטאָן א שטיקל נחת־רוח! סאַרע טייערע זאַך ס׳איז אַ פאַפּיראָס...

דעם יידס בערדל און וואָנצעס האָבן געהאַט דעם זעלבן גרויען קאָליר, וואָס דער רויך, און מענדעלעוויטשן האָט זיך געדאכט, אז דער רויך וויקלט זיך ארויס נישט נאָר פון יענעמס מויל, נאָר אויך פון דער גאָמבע, אפילו פון זיינע ברעמען.

— נו, גיט שוין א דאוון אָפּ, וועלן מיר אראָפּגיין עפּעס טועם זיין, וועט איר שוין ישבת דאווגען מיטן מנין...

— איך האָב שוין געדאווגט...

— איר האָט שוין געדאווגט?! ווען האָט איר געדאווגט? איר האָט דאָך צומאָל טלית־און תפילין נישט אויסגעפּאַקט.

— איך בין שוין אַ געדאַווגטער. — אויף מענדעלעוויטשעס פּנים האָט זיך דערוועקט דער שמייכל פון אמאָל, ווען אין שטעטל האָבן די חסידים אים געטראָפן שבת, און פלעגן אים פארטשעפּן, צי ער האָט שוין געדאווגט.

— איך בין שטענדיק אַ געדאווגטער, — האָט ער זיי געענטפערט מיטן זעלבן שמייכל, וואָס איצט.

דער ייד האָט אן עפּן געטאָן א פּאָר גרויסע אויגן און זיי אָנגעשטעלט אויף מענדעלעוויטשן. ער האָט אָבער באלד געגעבן א נעם אוועק דעם קאָפּ, ווי ער זאָל א קוק טאָן אויף עמעצן אנדערש, הגם אחוץ זיי ביידן איז דאָרט קיינער נישט געווען, און ער האָט געזאָגט א פרעמדלעכער, א באליידיקטער:

— אזוי, אזוי... איך האָב עס באלד דערקענט... אַ ליידיק פּנים — וואָנצעס אָן אַ באָרד. איך האָב באלד דערקענט.

זיי האָבן ביידע געשוויגן. שטייענדיק שוין ביי דער טיר אוועקצוגיין, האָט ער נאָכאַמאָל א קוק געטאָן אויף מענדעלעוויטשן מיט א בייזן בליק, מורמלענדיק: „ס׳וועט שוין באלד נישט זיין ביי וועמען צו זיין גבאי“. ער האָט שוין געוואָלט מאַכן א טריט צוריק אין דער שטוב אריין, נאָר ער האָט זיך עפּעס איבערגעלייגט, א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי ער זאָל נישט מסכים זיין מיט זיך אליין, און ארויס־געלאָפן.

מענדעלעווישש האָט זיך צוריקגעלייגט אויפן בעט. פּונקט צו לאַנגן ליגן איז אים דאָס געלעגער געוואָרן האַרט. ער האָט זיך אויפגעהויבן און אַרויסגעגאַנגען אין קאָרידאָר אַריין. אויף די טרעפּ איז געגאַנגען א פרוי און עס איז שווער געווען צו וויסן, ווער עס קרעכצט, צי זי אַליין, צי די טרעפּ אונטער אירע טריט, הגם די טרעפּ זענען געווען אויסגעגאָסן פון צעמענט. מענדעלעווישש האָט זיך געוואשן ביים קראַן, און די פרוי האָט זיך אָנגעשטרענגט, אז איר קול זאָל צו אים דערגיין. זי האָט אים צווויסן געטאָן, אז דער „קעראָסיניק" פרעגט זיך שוין אויף אים.

— „ווו איז ער, דער געכטיקער ייד?", פרעגט ער זיך, „מ'דאַרף אים אַראָפּ־רופן עסן". גייט שוין טאַקע אַראָפּ. ס'איז שוין צייט. אַלע האָבן שוין אָפּגעגעסן. ס'האַרץ ווערט אָפּגעשוואַכט פון אַזוי שפּעט נישט עסן.

## III

אין גרויסן עס־זאַל האָט ער שוין געטראָפן ווייניק מענטשן. טייל זענען נאָך געזעסן ביים טיש איבער די ליידיקע גלעזער פון ווייסער קאַווע; אַנדערע האָבן, זיצנדיק אויסגעדרייט, אָנגעלענט דעם רוקן אינעם טיש. אין פאַרשידענע ערטער האָבן גרופּקעלעך, צו צוויי און צו דריי מאַן, זיך צוגעבויגן איינער צום צווייטן, צוהאָרכנדיק זיך צו א מעשה, וואָס עמעצער פון זיי האָט דערציילט. עטלעכע דער־נעבן האָט מען אויך געקאָנט זען זיצן איינער אַליין אין אַלטן אָדער אין אַלטיטשקע, צושאָקלענדיק מיטן אַראָפּהענגענדיקן קאָפּ, כאָטש זיי האָבן די מעשה געהערט. דאָ און דאָרט איז עמעצער געזעסן איבער א ספר, איבער א בוך, אָדער מיט ציטערדיקע הענט געדרייט א צייטונג פון איין זייט אויף דער צווייטער. פרויען האָבן אַראָפּגערוימט פון טיש, הייסנדיק אַוועקנעמען די הענט, אז זיי זאָלן קאָנען אָפּווישן.

בעתן עסן האָט מענדעלעווישש זיך אַרומגעקוקט איבערן זאַל. אַ הויכער ייד, וואָס זיין פּנימל האָט זיך פאַרלוירן אונטער דעם ברייטן ראַנד פון א האַרטן, שוואַרצן קאַפּעליוש, איז צו אים צוגעקומען און דערלאַנגט די האַנט.

— מיכל גבאי, הער איך, האָט זיך שוין צוגעשעפּעט צו אייך. האַנט־געלט אַ פּאַפּיראָס האָט ער שוין גענומען? אוודאי יאָ?! דאָס איז שוין זיין באַשעפ־טיקונג...

ביי דעם ייד האָבן בלויז די אויגן געלאַכט, און דאָס רונדיקע בערדל און די האָר אַרום קאָפּ האָבן אונטער דער שוואַרצקייט פון קאַפּעליוש אויסגעזען נאָך ווייסער, ווי זיי זענען געווען אין דער אמתן.

א ביסל שפּעטער זענען צוגעקומען נאָך אַנדערע און אים אַריינגערוקט אַ האַנט, אמאָל א ציטערנדיקע, אמאָל א ביסל א פעסטערע. טייל האָבן זיך בלויז איינגעקוקט, צי דאָס איז נישט אמאָל א באַקאַנטער, און זעענדיק, אז נישט, זענען

זיי אוועקגעגאַנגען. יעדער האָט געמאָן דאָס זייניקע לאַנגזאַם: לאַנגזאַם צוגעקומען, לאַנגזאַם זיך אויסגעפּרעגט. די, וואָס האָבן אין מענדעלעוויטשן געזוכט אַ באַקאַנטן און נישט געפונען, האָבן אַ מאָך געטאָן מיט דער האַנט, אַז ס׳איז נישט כדאַי זיך אָפּצושטעלן, און לאַנגזאַם געגאַנגען ווייטער.

בלויז מעכל גבאי איז שנעל געגעבן אַ שפּרונג צו:

— אהרון גינצבורג האָט אייך שוין אויסגערעדט אויף מיר? כ׳האָב באַלד געוווּסט, אַז ער וועט אויסרעדן אויף מיר.

אהרון גינצבורג איז געווען דער הויכער ייד מיטן שוואַרצן קאַפּעליוש. ער האָט גלייך געגעבן אַן ענטפער אָפּ:

— מעכל, גיט אים צוריק דאָס האַנט-געלט, דער נייער ייד וועט סיידווי נישט דאַווענען אין אייער חברה.

— יאָ, מעכל וועט באַלד צוריקגעבן פּאַפּיעראָסן! ער וועט גיכער אַרויסשלעפּן פון אים נאָך אַ פּאַפּיעראָס.

— אַז ער וויל נישט אַרויסנעמען פון אייגענעם בייטעלע, שלעפּט ער ביי יענעם, — האָבן זיך אַריינגעמישט אַנדערע שטימען.

## IV

אַרום מענדעלעוויטשן האָט זיך וואָס אַמאָל פאַרגרעסערט דאָס רעדל. איינער האָט זיך אָפּגערעכנט מיטן צווייטן, אַרויסגעלייגט טענות און געוואָלט, אַז מענדעלעוויטש זאָל פּסקענען, ווער ס׳איז גערעכט. פאַר דעם נייעם מענטש האָט יעדער געהאַט די געלעגנהייט אויפסניי אויסצודערציילן זיין לעבן, זיין האַרץ. עס האָבן זיך געשאַפן גרופּעס, און יעדע גרופּע האָט אים געוואָלט געווינען פאַר זיך. מע האָט זיך געקריגט: ווער עס האָט געהאַט בעסערע קינדער, ווער עס איז געווען לענגער אַרבעטסלאָז, ווער עס איז געווען אַן אָנגעזעענער מענטש, ביי וועמען אין דער פאַבריק מע האָט אַמאָל לענגער געשטרייקט, ווער עס שטאַמט פון אַ שענערן יחוס און וועמענס קינדער און אייניקלעך עס וואָלטן היינט געשפּילט אַ גרעסערע ראָל, ווען זיי וואָלטן געלעבט. אייניקע האָבן אויסגעוויזן, אַז זיי עסן אַמוויניציקסטנס און קאָנען אַ גאַנצע נאַכט קיין אויג נישט צומאָן. אַנדערע ווידער האָבן זיי איבערגעשפּאַרט, אַז ס׳איז פאַרקערט — יענע עסן דווקא יאָ און האָבן אַ שלאָף, אַז קיין שונא זאָל נישט וויסן דעם טעם דערפון, נאָר זיי אַליין געמען נאַרנישט אין מויל אַריין און דער שלאָף האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעטאָן פון זייערע אויגן. מענדעלעוויטשן איז שווער געווען אַרויסצוטראָגן זיין מיינונג וועגן דעם אַלעם, פונדעסטוועגן עפּעס האָט ער געמוזט זאָגן, און ער האָט שנעל באַקומען גוטע פריינד און שונאים.

איין יידל, אַ ברייטבייניקער, נאָך אַ גענוג קרעפטיקער, האָט מיטן גאַנצן כוח פון זיינע הענט געשפּאָלטן די גרופּע אויף צוויי העלפטן און זיך אַריינגעשטעלט אינדערמיט, האַרט פאַר מענדעלעוויטשן:

— איך האָב אויך אַ שאלה צום בורר. זאָגט נאָר, פאַניע ייד, ווען האָט איר געקריגן היתר־הוראה צו פּסקענען שאלות, ווען איר זענט נאָך געווען אַ באָרד אָן אַ ייד, אָדער ווען איר זענט שוין געוואָרן אַ ייד אָן אַ באָרד?

די געדיכטע באָרד פון דעם, וואָס האָט דאָס געזאָגט, איז געווען מער ברוין ווי גרוי. זי איז אָן אויפגעהויבענע געבליבן הענגען פּאַרגליווערט, וואַרטנדיק אויף אַ געלעכטער פון דעם חבֿמהלע. אָבער די מערסטע פון די אַרומיקע האָבן דעם ייד אָנגעקוקט ווי משוגע.

מענדעלעוויטש האָט זיך געגעבן אַ האַסטיקן שמעל אויף, אַז אַרום אים איז לויז געוואָרן.

— ע, מ'עט זיך גיין אַ ביסל צולענען.

די אַריינזאָגנישן און דאָס אָפּרעכענען זיך האָט מען אויך געקאָנט הערן ביי די מאָלצייטן. איין אַלטיטשקע האָט געהאַט אַ געוויינהייט ביי דער טיי אַריינצו־לייגן צוויי שטיקלעך צוקער אין גלאָז און איין שטיקל צו זיך אין מאַרבעלע; אַז מען האָט געגעבן מעלצוקער האָט זי אויך אַריינגעשיט צוויי לעפעלעך אין גלאָז און איינס אין מאַרבעלע. זי האָט אויך געזאַמלט קיכלעך און סוכאַרעס.

די אַרומיקע האָבן איר כסדר פירגעהאַלטן:

— אַ גאַרישע פרוי, וואָס איר זענט. איר האָט מורא, אַז מאָרגן וועט אייך אויסהעלן? ס'האָט אייך שוין דאָ געפעלט אַ ביסל צוקער, צי עפּעס צו עסן?

— ניין, איר ווייסט גישט, צו וואָס זי טוט דאָס. זי איז אַ גרויס בעל־רחמנות אויף גאָטס באַשעפענישן... זי באַהאַלט דאָס פאַר די מייז — זיי מוזן דאָך אויך עפּעס עסן...

— גייט שוין גייט, וואָס איר רעדט. הינדעלע האָט אַמאָל געהאַט אַ געועלבל, ווייל זי זיך אָנזאַמלען אַ פּאָר וועקלעך שפּייז ווידער צו עסענען דאָס געוועלבל.

— פאַר וועמען וועט זי האַנדלען, פאַר די קינדער?

ביי אַזאַ זאָג האָט הינדעלעס פּנים באַקומען אַ געל־בלויע פאַרב, די פעסט־פאַרדריקטע ליפּן האָבן זיך פאַרבויגן אין מויל אַריין, אַז דאָס פּנים איז איר קירצער געוואָרן. זי האָט זיך אויפגעכאַפּט, אַז מען האָט געמיינט, זי וועט זיך אויף עמעצן אַ וואָרף טאָן. נאָר אירע אויגן האָבן באַקומען עפּעס אַן אויסטערלישן גלאַנץ, און נישט וועלנדיק, אַז מען זאָל הערן ווי זען, וואָס אין איר קומט פאָר, האָט זי זיי פאַרמאַכט, בלויז אַדורכלאָזנדיק אַ ביסל פייכטקייט, וואָס האָט זיך אַרויסגערינען קעגן איר ווילן. דערנאָך האָט זי זיי געעפנט און אַ וואָרף געטאָן אויף די אַרומיקע אַ שאַרפן גלאַנץ.

— מײַנע קינדער האָט היטלער שױן פֿאַרזאָרגט!

מיט די װערטער איז איר כּעס אָפּגעלאָפֿן, זי איז געבליבן זיצן אַ שטילע און געמוטשעט מיט די ליפּן, װי זי זאָל דאַװנען, אָדער רעדן צו עמעצן, װאָס מיט אױער האָט מען צומאָל נישט געקאָנט אױפֿכאַפּן קײן קלאַנג דערפֿון. בײַם גאַנצן טיש איז שױן דערנאָך געװאָרן שטיל.

## קאַפּיטל דרײַ

### I

די זקנים, װעלכע האָבן זיך דאָ געפֿונען, זײַנען געװען אין אַ באַזונדערער לאַגע. אין די אַמאָליקע צײַטן זײַנען אַלטע לײַט אַװעק אין זקנים־הױז נאָך דעם, װי זײ האָבן אין דער װעלט איבערגעלאָזט װאָרצלען פֿאַר זײער װײַטערדיקער עקזיסטענץ. קינדער און אײניקלעך זײַנען צעשפּרײט געװען איבער שטעט און לענדער. אַן אַלטע מאַמע האָט נישט געקאָנט צוזען די נויט פֿון די קינדער, אַ שנור אַ מרשעת האָט פֿאַרטריבן די אַלטע שװיגער אין דער קיך אַרײַן, אַן אײדעם האָט דעם שװער נישט אָפּגעגעבן גענוג כּבֿוד און ער האָט זיך באַלײדיקט, בײַ אַ פֿרומען ייִד זײַנען די קינדער אַראָפּ פֿון גלײַכן װעג און ער האָט נישט געװאָלט זײַן מיט זײ צוזאַמען.

אַזױ זײַנען זײ צעקריגטע און ברוגזע, אַנטלאָפֿענע פֿון נױט, פֿאַרלױרענע פֿון דער משפּחה, אַװעק אין זקנים־הױז, אין קאָרידאָר צװישן דער װעלט און יענער װעלט.

נישט אַלע האָבן געהאַט דאָס גליק אין אַזאַ זקנים־הױז אָנגענומען צו װערן. מע האָט געמוזט האָבן אַן אָפּגעשפּאָרט קאַפּיטל, שטאַמען פֿון שײנעם יחוס, פֿון אָנגעזעענע משפּחות. פֿאַר אַזעלכע איז די קהילה־גראַבלערס לײַכטער אָנגעקומען צו זאַמלען געלט, װאָס זײ האָבן אַראָפּגעלאָזט אין דער אײגענער קעשענע. און אַז די זקנים זײַנען שױן דאָ אָנגעקומען, האָבן זײ ערשט געצײמערט פֿאַר די גבאים, פֿאַר די אױפֿזעערס, װעלכע האָבן זײ הערעסן דאָס לעבן, געקירצט דאָס װײניקע ביסל געבליבענע יאָרן. אָבער צװישן דער גאַנצער ביטערניש האָט אין זײ געלעבט אײן באַרויִקנדיק געפֿיל, אַז דאָס זײַעריקע האָבן זײ שױן דער װעלט צושטײער געגעבן, זײַערע דורות װעלן זיך שױן דאָרט אַנטװיקלען, װאַקסן אַן זײ, און האָבן געװאַרט אױף דעם אײגענעם אַװעקגײן אין דער פֿאַרגאַנגענהײט.

און דערװײַל, װאַרטנדיק, האָט עמעצער פֿון אַ מאָכטער באַקומען צוגעשיקט אַ פּעקל, אַ פּאָר גילדן, אַ טרײסטנדיק בריװל. אַן אַנדערן האָט מען פֿאַרבעטן אױף

אַ חתונה, אויף אַ ברית. עמעצער איז אַמאָל צוגעפֿאָרן מיט אַ דראָזשקע אַהיימצונעמען אַן אַלטן טאַטן אָדער מאַמען, זיי צו ווײַזן אַ ניי אייניקל.

אין דעם זקנים־הויז, וווּ מענדעלעוויטש האָט זיך איצט געפֿונען, האָט קיינער פֿון די אַלטע דאָס אַלץ נישט געהאַט. זייערע היימען זענען געווען פֿאַרברענט צוזאַמען מיט די קינדער און אייניקלעך. די עלטערן און זיידעס האָבן געזאָלט ווערן די פֿאַרגאַנגענהייט און זייערע קינדער און אייניקלעך די צוקונפֿט — איז אָבער געשען פֿאַרקערט. יענע זענען בײַ די דאָזיקע אַלטע דאָ געוואָרן די פֿאַרגאַנגענהייט.

אַ זקן פֿון עטלעכע און אַכציק יאָר, אהרון גינצבורג, האָט טאָג און נאַכט דערציילט וועגן זײַן גרויסער משפּחה. ער האָט געהאַט אַכט זין און טעכטער און פֿון זיי שוין אַפֿילו אוראייניקלעך. צוזאַמען זענען זיי געווען צוויי און פֿופֿציק נפֿשות, אַחוץ איידעמס און שנירן, ברידער און שוועסטער און ווײַטערע קרובֿים. וועגן יעדן קינד און אייניקל האָט ער געהאַט צו דערציילן גאַנצע פּעק מיט מעשׂיות פֿון געבוירן אָן ביז — — — דאָ האָט ער נישט דערזאָגט מיט קיין ווערטער, נאָר מיט אַ קרעכץ.

ער האָט דערציילט זייערע קינדער־חכמות, וויאַזוי זיי האָבן זיך אַרויפֿגעאַרבעט, אָדער דורכגעפֿאַלן אין לעבן. איינער איז געגאַנגען אין גאָלד, געבאָדן זיך אין שמאַלץ, אַ צווייטער האָט אויף קיין שטיקל ברויט נישט געהאַט. צווישן די קינדער און אייניקלעך זענען געווען דאָקטוירים, סוחרים, געלערנטע און אַפֿילו פּראָסטע אַרבעטער. איין אייניקל האָט מען זאָגאַר געוואָלט מאַכן פֿאַר אַ סיים־דעפּוטאַט, די קאָמוניסטן האָבן אים אַרײַנגענומען אין זייער חבֿרה און אים אַרויפֿגעשטעלט אויף זייערע ליסטעס. איינע, אַ יונגע מויד ווידער, האָט געשפּילט טעאַטער, אַז ס׳האָט זיך עפּעס געטאָן מיט איר.

אַ גאַנצע וועלט האָט ער אַרויסגעגעבן פֿון זיך.

— און וואָס האָב איך איצט?

ער האָט געקוקט אויף דער דלאָניע, אויף וועלכער עס האָט אַראָפּגעקאַפּעט אַ טרער.

— אָט דאָס, נישט מער. — האָט ער אויסגעשטרעקט די האַנט, ווי ער זאָל עפּעס אונטערטראָגן צו ווײַזן.

אבא לעדער, אַ ייד מיט טריבע, אָבער זייער קלוגע אויגן, האָט אין יעדער זאַך אַרײַנגעגעבן זײַן אייגענעם שכל. אַז ער האָט געהערט אַזעלכע ווערטער, איז ער גלײַך צוגעקומען און געגעבן אַ שטעל צו זײַן פּנים, אין וועלכן עס האָבן געשמייכלט אַ סך רינצעלעך.

— עס איז אײַך מער געבליבן, ר׳ אהרון, אַ סך מער.

די אַרומשטייענדיקע האָבן געעפֿנט די מײַלער, מערסטנס מיט זייער ווייניק ציין, און נײַגעריק אָנגעשטעלט די אויערן. זיי האָבן געמיינט, אַז אבא לעדער ווייסט עפּעס פֿון ר׳ אהרונס קינדער, וואָס לעבן.

— איר פֿאַרשטייט, ר׳ אהרון, איר אַליין דערציילט, אַז איר האָט אַרויסגעגעבן פֿון זיך געלערנטע מענטשן. און אויב מען האָט אייער אייניקל געוואָלט מאַכן פֿאַר אַ סיים־דעפּוטאַט, איז דאָך געדרונגען, אַז ער איז געווען אַ קאָפּ־מענטש, ער האָט געהאַט אין זיך אַ חכמה, און ביי זיי, ביי די קאָמוניסטן, מיין איך, אַז מען האָט אַ חכמה באַהאַלט מען זי נישט אין בויך, נאָר מען מוז זי לערנען מיט אַנדערע, מיט אייניקל, מיט ציען, און דער צעגעטער מיטן הונדערטסטן און אַזוי גייט דאָס ווייטער. און וועד שטעלט היינט צוריק אויף די וועלט? — מענטשן, וואָס האָבן זיך דאָס אויסגעלערנט ביי אייערע קינדער און אייניקלעך, הייסט דאָס, אַז איר האָט אַרויסגעגעבן פֿון זיך אַזאַ כוח, וואָס העלפֿט צו אויפֿשטעלן די היינטיקע וועלט... ווען דאָך אין איר, אין דער דאָזיקער וועלט, מיין איך, דער כוח, וואָס איר האָט אַרויסגעגעבן פֿון זיך, ווייטער לעבן... הע, הע... — האָט ער ווי אָפּגעהאַקט איבערגעריסן, נישט קאָנענדיק מער ציען דעם אָטעם, אָבער אַ צופֿרידענער, וואָס ער האָט אַזוי גלאַטיק געקאָנט אַרויסברענגען דעם שכל זיינעם, און אַלע רינצעלעך אויף זיין פּנים האָבן זיך ממש צעשטראַלט.

טייל פֿון די אַלטע, וואָס זענען געשטאַנען דערנעבן, האָבן זיך איבערגעקוקט, ווי זיי זאָלן מסכים זיין: אַ קלוגער שכל. אַנדערע האָבן בטולדיק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי קיין שום חכמה זאָל פֿאַר זיי קיין גיים נישט זיין, זיי האָבן שוין אין לעבן געהערט עפּעס קלוגערס.

ר׳ אהרון האָט געקוקט אויף אבא לעדער מיט פֿינטלדיקע אויגן, און עס איז נישט קלאָר געווען, צי ער האָט פֿאַרשטאַנען, וואָס יענער האָט גערעדט צו אים, אָדער ער באַמיט זיך נאָך אַלץ דאָס צו פֿאַרשטיין. נאָר זעענדיק די אויפֿמערקזאַמקייט צו זיך, איז אים אַ שאָד געווען נישט עפּעס צו דערציילן.

— איך זאָגט דאָס, — האָט ער זיך דערמאָנט אַ מעשה וועגן אַן איידעם, דעם מאַן פֿון זיין מיטלסטער טאָכטער, וועמען מען האָט אין דער משפּחה גערופֿן „דער אייגפּאַל“. ער האָט געהאַט שטודירט אויף אַן אינזשעניער. אַ ביסל האָט ער געלערנט אין שולן און אַ ביסל מיט אייגענע כוחות. דאָס איז געווען נאָך פֿאַר דער חתונה. און נאָך דער חתונה האָט ער אויף דערוויל, ביז ער וועט ענדיקן, געהאַנדלט מיט קעמלעך און נאָזטיכלעך. מיט זיין אינזשעניערישן קאָפּ האָט ער פֿון שטעקעלעך און לייוונט אויסגעאַרבעט אַזאַ געשטעל, וואָס מען האָט דאָס אין איין רגע געקאָנט אויסשפּרייטן, ווי אַ טיש, אָדער איינלייגן, ווי אַ שירעם, און גענומען עס אונטערן אָרעם. אויף דעם אויסלייג־טישל האָט ער יעדן טאָג אויסגעשפּרייט אין דער גאַס די סחורה. אַז עס איז פֿאַרבייגעגאַנגען פּאָליציי, האָט ער שנעל אַ כאַפּ געטאָן דאָס טישל, און די סחורה איז געבליבן אין דער לייוונט, ווי אין אַ זעקל, צווישן די צונויפֿגעגענומענע שטעקעלעך.

איינמאָל האָט דער אייגנטימער פֿון אַ דערנעבנדיקער גאַלאַנטעריע־קראָם, ווו ער איז געשטאַנען, אים אָפּגעטאָן אַזאַ שטיקל. ער האָט אונטערגערוקט אַ מענטש,

האָט האָט געדונגען ביי אים אַ קעמל, און דערביי האָט ער אָנגעשטעלט אַ פּאָלי־ציאַנט, אַז ער זאָל אים כאַפּן מיט דער סחורה. ער האָט זי נאָך אַליין געמוזט אָפּטראָגן אין קאָמיסאַריאַט אַריין. אַלע פּאָליציאַנטן מיטן קאָמיסאַר אַליין האָבן באַוואונדערט זיין געשטעל, ווי קלוג און געשיקט דאָס איז געמאַכט, נאָר די סחורה האָבן זיי אים נישט געוואָלט אָפּגעבן. דער איידעם איז ווייטער געבליבן מיט ליי־דיקע הענט, אָבער ער האָט נאָך געהאַט אַ פולן קאָפּ מיט איינפאַלן. זייער אַ סך קלוגע איינפאַלן האָט ער געהאַט און זיך אַרומגעטראָגן מיט זיי. ער איז אַוועק צו איינעם אַ צווייטן איידעם, צום מאַן פון דער יינגסטער טאָכטער, אַז ער זאָל אים צונעמען אין זיין זייד־פאַבריקל. אָבער יענער האָט געלאַכט פון אים מיט זיינע איינפאַלן. אַליין איז ער געווען נאַרישער פון אים און האָט גראָד געלאַכט פון אים, ווי פון אַ שוטה. „דיר וועט נאָך איינפאַלן אַן איינפאַל, אַז דו זאָלסט בלייבן אין דער פאַבריק און איך אינדרויסן“, האָט ער אים געזאָגט.

— וואָס וועט איר זאָגן צו דעם? — האָט ר׳ אהרון פאַרענדיקט מיט אַ פראַ־גע צו אבא לעדער, אַ צופרידענער, וואָס מען הערט אים אויס.

— וואָס איך וועל זאָגן צו דעם? — האָט אבא לעדער צוגערוקט זיין פּנים צו ר׳ אהרונס אויערן. — איך וועל זאָגן, אַז ס׳איז טאַקע אַזוי געווען. דער חכם איז געווען דער נאַר, ווייל ער האָט נישט געהאַט קיין געלט, און דער נאַר איז געווען דער חכם, ווייל ער האָט געהאַט געלט.

— וויאַזוי זאָגט איר? וויאַזוי? וויאַזוי? — האָט ר׳ אהרון אויפגעמאַכט אַ פּאָר גרויסע אויגן, ווי ער זאָל עפּעס פאַרשטיין, נאָר עס איז אים שווער גלייך צו צעקייען מיט זיין אַלטן, פּאַמעלעכדיקן מוח.

II

נישט אַלע האָבן דערציילט זייערע מעשיות פאַר אַנדערע. עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געדרייט איבערן זאַל, איבערן הויף און געמורמלט צו זיך אַליין. זיי האָבן אַרויסגעצויגן זייערע קינדער, זייערע נאָענטסטע פון די פלאַ־מען פון די קרעמאַטאָריעס און געשמועסט מיט זיי. גאַנצע שעהן האָבן די דאָ־זיקע מענטשן געקאָנט אַזוי אַרומגיין, נישט אָפּגעשטעלט זיך מיט קיינעם, נישט געוואָלט איבעררייסן די שמועסן, וואָס זיי האָבן געפירט. מיט די קינדער האָבן זיי גערעדט וועגן תכלית, זיך געקריגט, אַריינגעמישט די גאַנצע משפּחה, אויב זיי האָבן נישט געוואָלט פאָלגן. שפּעטער, כאַפּנדיק זיך, אַז זיי זענען אַליין, האָבן זיי דערציילט די חלומות, וואָס זיי האָבן געזען אין מיטן העלן טאָג.

אַ נידעריק יידל, מיט אַ לאַנגער, ברייטער, טונקל־גרויער באָרד, האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט גאָר אַנדערע מעשיות. ער האָט געהאַט בייזע, אָנגעצונדענע אויגן און איז געגאַנגען שנעל, מיט אימפּעט, אָנמאַכנדיק אַ ווינט אַרום זיך. איינ־

מאָל, — האָט ער דערציילט, — האָט זיך צו אים באַוויזן אַ מענטש פון אַזאַ וווקס, ווי ער זאָל זיין אַ צונויפשמעלצונג פון טויזנט מענטשן. ער איז אַרויסגעקומען פון אַ קרעמאַטאָריע-אויוון, וועלכן ער האָט אויפגעבראָכן מיט זיין צעוואַקסענעם גוף. זיין קאָפּ איז געווען אַ גליענדיקער באַרג. יעדע האַנט איז געווען אַזוי לאַנג, ווי הונדערט סאָסנע-ביימער, פאַרענדיקט מיט אַ פייערדיקע פויסט. אַז ער האָט אויפגעהויבן די הענט, האָט זיך אויפגעהויבן אַ בייזער שטורעם פון טויזנטער קולות און געוואָרנט, אַז ווער עס וועט זיך געכאַמאָל צורירן צו אים, וועט פאַרצוקט ווערן, ווי אַ קאָמאַר פון אַ שייטער. דאָס יידל האָט פון פייער אַרויס דערקענט דאָס פּנים פון זיין זון און אין די קולות געהערט דעם צאָרן פון מיליאָנען מענטשן.

מאיר מענדעלעוויטש פון זיין זייט האָט צו דעם באַרג מעשיות, וואָס איז דאָ מיט יעדן טאָג געוואַקסן, זייער ווייניק צושטייער געגעבן. ער איז געווען אַזוי איבערפולט מיט אַלעם, וואָס ער האָט איבערגעלעבט, אַז יאָרן-לאַנג וואָלט ער זיך געדאַרפט אַראָפּרעדן, כדי דאָס זאָל אין אים צעגיין, לייזער ווערן. אָבער, אַז ער האָט נאָר אָנגעהויבן עפּעס צו דערציילן, איז אים געוואָרן נאָך שווערער, און אַ מאַך טוענדיק מיט דער האַנט, איז ער אַוועקגעגאַנגען פון די מענטשן, אַ שטילער, אַ פאַרשלאָסענער אין זיך.

ער האָט דאָס בעסער געטראָגן אין זיך, ווייל אין די אייגענע מחשבות קומט אַלץ אַרויס שענער. אַ שמייכעלע פון אַ קינד, פון דעמלט, ווען עס האָט נאָך געלעבט, האָט ביי אים אַליין אַרויסגערופן אַ שמייכל. ווען דאָס קינד האָט זיך פון עפּעס געפרייט, איז אים דאָס האַרץ מיטגעוואַקסן.

מערסטנס האָט ער זיך געהאַלטן מיט זיין עלטסטן זון. ער, יאָסל, איז אים געוואָרן נענטער פון די אַלע אַנדערע, וואָס ער האָט פאַרלוירן. זיי אַלע זענען פאַרשוווּנדן, צעגאַנגען אין דער לופט, געוואָרן ערגעץ איינגעזאַפּט און מען ווייסט נישט ווען און וויאַזוי, און פון אים האָט ער אַפילו דעם אַדרעס: פּרעאָבראַזשענסקער בית-עולם, הינטער מאָסקווע. ער ווייסט אַפילו דעם נומער פון דער אַלייע און פון קבר. יאָסל איז ביי אים געוואָרן דער אויסנאַם, דער יחוס צווישן די אומגעקומענע. זיי זענען געפאַלן ווי קרבנות, און ער ווי אַ קעמפער. זיי זענען געשלאָגן געוואָרן פון די היטלעריסטן, און ער האָט זיי, די היטלעריסטן, געשלאָגן.

יעדעס מאָל, ווען ער האָט זיך געפּרוּווט דערמאָנען זיין זונס פּנים, האָט זיך אים אין זכרון געשטעלט אין וועג אַריין די קראַנקן-שוועסטער פון דעם שפּיטאָל, פון וואַנען מען האָט צו אים געשריבן קיין טאַשקענט, אַז ער זאָל קומען צו פאָרן. אַ גאַנצן וועג, פאָרנדיק, האָט ער געזען פאַר זיך יאָסלס פּנים. נאָר אָנקומענדיק אין שפּיטאָל אַריין, איז פאַר אים געשטאַנען די קראַנקן-שוועסטער, מיט אַזאַ שטילן בליק אין די אויגן, מיט אַ טרויער אין איר אַ ביסל אַראָפּגעלאָזט פּנים, און אים צעווייסן געטאָן, און ער, זיין יאָסל, געפינט זיך דאָ מער נישט. זי האָט אים

אַרויסגעשריבן פֿון בוך דעם אַדרעס און נומער פֿון קבֿר. פֿון דעמלט אָן מישט זיך אים אויס דאָס פּנים פֿון זיין זון מיטן פּנים פֿון דער קראַנקן־שוועסטער. אויף איר פּנים זענען איבערגעבליבן די לעצטע בליקן פֿון זיין זון.

אויף די מצבֿות אין דער גאַנצער אַלייע, וווּ ער איז געלעגן, האָט מענדעלעוויטש איבערגעלייענט די נעמען און פֿאַרדינסטן פֿון די געפֿאַלענע קעמפֿער. יאָסל איז איינער פֿון זיי. ער האָט פֿון יאָסלען אויך מיטגענומען אין אָנדענק די קאָלירן און דעם ריח פֿון פֿרישע בלומען, וואָס ער האָט יעדעס מאָל אַהינקומענדיק געפֿונען אויף זיין קבֿר.

## קאַפּיטל פֿיר

### I

אַזוי האָבן זיך גערוקט די טעג און חדשים. זומער האָט מען אַרומשפּאַצירט איבערן הויף, געזעסן אויף דער באַנק, געגאַנגען אין נאָענטן גאָרטן אַריין צו כאַפּן אַ ביסל פֿרישע לופֿט. ווינטער איז מען געזעסן נעבן די קאַלאָריפֿערן פֿון דער צענטראַל־באַהייצונג אין גרויסן זאַל, אָדער ביי זיך אין די שטיבלעך. די מענטשן האָבן ניט געהאַט קיין שום זאָרג וועגן זייער טעגלעך אויסקומעניש. ביי יעדער מאָלצייט האָבן זיי זיך געזעצט צו געגרייטע טישן, און מיט אַ מלבוש האָט זיי באַזאָרגט דער יידישער קאָמיטעט. די איינציקע זאָרג איז געווען, וואָס צו טאָן צווישן איין מאָלצייט און דעם צווייטן.

דעמלט, ווען מענדעלעוויטש איז נאָך געווען מיד און צעבראָכן, האָט אים דאָס בעט און דאָס ליידיקגיין פֿאַרשאַפֿט פֿאַרגעניגן. שפּעטער, אַז ער איז שוין געווען אויסגערוט, האָט אים דאָס צופֿיל ליגן אין בעט מיד געמאַכט. זומער־צייט האָט ער זיך שוין יעדן טאָג געמוזט אויפֿהייבן פֿינף אַ זייגער. דאָס בעט האָט אים לענגער ניט געקאָנט פֿאַרטראָגן. ער האָט עס באַגינען געמוזט באַפֿרייען פֿון זיין לאַסט פֿאַר די פּאָר שעה, וואָס ער איז בייטאָג געלעגן דערויף.

דאָס פֿענצטער פֿון זיין צימער איז אַרויסגעגאַנגען אויף מזרח. ער איז געשטאַנען און אָפּגעוואַרט דאָס אויפֿגיין פֿון דער זון. ווען דאָרט ווייט אויף דער מזרחדיקער זייט פֿון הימל האָבן אין דער קלאָרער בלויקייט גענומען אויפֿלייכטן די בונטע, דורכזיכטיקע פֿאַרבן, האָט מענדעלעוויטשן זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס זענען אָפּשטראַלונגען, וואָס הייבן זיך אַרויס פֿון די בלומען אויף זיין זונס קבֿר. מיט די שטראַלן שיקט יאָסל דאָ איבער, דורך דעם לויטערן הימל, זיין טאַטן אין דעם לאַגער, פֿאַר וועלכן ער האָט געקעמפֿט, זיין „גוט־מאָרגן“.

די דאָזיקע פּרימאָרגנס האָט מענדעלעוויטשן שטאַרק צערודערט. ניִשט בלויז זיין צימער איז אים געוואָרן ענג, נאָר דאָס גאַנצע זקנים־הויז. אין אים האָט זיך געוועקט עפּעס אַזעלכעס, וואָס האָט אַריינגעגעבן קראַפט אין זיינע הענט. נאָך פאַרן פרישטיק האָט ער זיך געמוזט געפינען עפּעס אַן אַרבעט. ער האָט אויסגעשמירט די זאַוויאַסעס פון די טירן, אַז זיי זאָלן ניִשט סקריפּען, פאַריכט די שלעסער, אַז די טירן זאָלן זיך גוט פאַרמאַכן און עס זאָל אין די צימערן ניִשט זיין קיין צוגווינט, וואָס איז אפשר געווען די איינציקע אומבאַקוועמלעכקייט אין דעם לעבן פון די אַלטע.

אויב עמעצנס אַ בעט האָט זיך נאָר געגומען וואַקלען, האָט ער עס באַלד פאַריכט, אַז עס זאָל אויפהערן צו קרעכצן. ער האָט עפּעס געוואָלט מאָן אַזוינס, אַז די אַלטע אַליין זאָלן אויך אויפהערן צו קרעכצן.

פון צייט צו צייט זענען דאָ אַהערגעקומען אַרטיסטן, שרייבער, מוזיקער. נאָך מיט טעג פריִער, קוים דערהווסנדיק זיך, אַז מען וועט דאָ אויפטרעטן פאַר זיי, האָבן די אַלטע שוין געלעבט מיט זייער קומען. ס'איז זיי אינטערעסאַנט געווען צו וויסן, ווער ס'וועט קומען, ווייל אַ סך האָבן שוין געהאַט זייערע ליבלינגען צווישן די אַרטיסטן און שרייבער. עמעצער האָט איבערגעחזרט אַ ווערטל, נאָכגעמאַכט אַ גרימאַסע, צי נאָכגעזונגען אַ ניגון פון אַ זינגער, אָדער פון אַ קאַפּעליע, וואָס האָט שוין דאָ אַמאָל אויפגעשפּילט.

פון די אויסגעשטעלטע רייען בענק דאָ האָבן זיי געקוקט אויף דער עסטראַדע און מיט צוגעבויגענע אויערן זיך באַמיט אויפצוכאַפּן די ווערטער, וואָס זענען פון דאָרט געקומען. טיילמאָל איז אויף זייערע פּנימער אַרויסגעקומען אַ שמייכל. אַמאָל האָבן זיי פון די ווערטער אַרויסגעהערט זייער אייגענעם טרויער, און פון דעם האָט זיך דווקא אינעווייניק געוועקט עפּעס אַ פרייד. אפשר דערפון, וואָס די וועלט ווייסט, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט? באַלעבס, וואָס זענען געזעסן אין די ערשטע רייען, האָבן ממש מיט די העלדזער געשלונגען די ווערטער. מע האָט געזען, ווי די ביינדלעך אונטער דער גערונצלטער הויט באַוועגן זיך. אויף זייערע פּנימער האָט אויפגעלעבט אַ פאַרב, אין זייערע אויגן האָט זיך געזען אַ גלאַנץ. ווען פון דער סצענע האָט זיך געהערט מוזיק, האָבן טייל אַלטע צוגעטופּעט מיט די פיס און עמעצער האָט אויך לייכט דריבנע צוגעפּויקט מיט אַ שטעקל אויף דער ערד. ביי דער מוזיק האָבן מעהרסטנס קעפּ צוגעשאָקלט, אָבער ניִשט אַזוי, ווי ביי אַלטע לייט, וואָס דרימלען איין, נאָר ווי ביי אַזעלכע, וואָס ברומען אין זיך אַ ניגון.

מענדעלעוויטש איז מערסטנס געזעסן אין די פאָדערשטע רייען. אַז מען האָט פון דער סצענע דערציילט אָדער פאָרגעשטעלט עפּעס לאַכנדיקס, האָט ער זיך אויסגעדרייט און געקוקט אויף די פּנימער פון די, וואָס זענען געזעסן נעבן אים אָדער הינטער אים. ער האָט געהאַט אַ דאָפּלטע הנאָה: אי פון דעם, וואָס ער האָט געהערט, אי פון דעם, וואָס אַנדערע האָבן געלאַכט. ער האָט אויך דאָ און

דאָרט באַמערקט, ווי אַן אַלטמאָדישע אָדער אַלטמאָדישקייט קעמפט אין דער שטיל מיט דעם געלעכטער, וואָס וויל אַרויסשפּאַרן פון די שמאָלע אויגן־שפּעלטלעך.

נאָך די אַרויסטרעטונגען האָבן געדויערט לאַנגע טעג, ביז אין די ווינקלען פון זייערע ליפּן איז אויסגעלאָשן געוואָרן דער שמייכל פון הנאה, וואָס זיי האָבן געהאַט.

## II

עס איז נישט געווען קיין יום־טוב, נישט קיין יידישער און נישט קיין אַלגעמיינער, אַז מע זאָל פאַרגעסן אין די אַלטע.

בעת אַ פייערלעכקייט איז אין פּרעזידיום געזעסן, אַמאָל דער עלטעבע־און־אַכציק־יעריקער ר' אהרון, אַמאָל מאיר־מענדעלעוויטש און אַמאָל די אינטעליגענטע, פון אַלעמען געשעצטע פרוי פעלדבלוי, וועלכע האָט געקוקט דורך די ברילן־גלעזער מיט אַזאַ מילדן, קלוגן בליק און שוועסטערלעך, מיט אַ שטענדיקן שמייכל אויף די ליפּן, אויסגעגלייכט אַלע סיכסוכים.

אבא לעדער איז געשטאַנען ביי דער טיר, מערסטנס מיט אַ בוך אין דער האַנט, מיט אַ פינגער אַריינגעשטעקט צווישן די בלעטער, אַז ער זאָל וויסן, וווּ ער האַלט, און האָט באַגעגנט דעם רעדנער און די אַנדערע געסט. ער האָט פּעסט גע־הריקט זייערע הענט, ווי ער זאָל זיין דער באַלעבאָס, וואָס נעמט זיי אויף ביי זיך אין דער היים. דערביי האָט ער אויפגעהויבן דאָס בוך מיט דער צווייטער האַנט און עס געהאַלטן אַזוי, אַז די געסט זאָלן קאָנען כאַפּן אַ בליק אויפן קעפּל אָדער אין אינהאַלט און זען, וואָס פאַראַ ביכער ער לייענט, אַז ער איז אַ מענטש פון זייער אידעע, איינגאַנצן אויף זייער זייט.

מיטן גלייכשטעלן די בענק און מיטן היטן, אַז ס'זאָל זיין שטיל און אין אָר־דענונג, האָט זיך פאַרנומען מעכל גבאי. ער האָט עס געטאָן פּונקט אַזוי, ווי ביים אָפּהיטן דעם מנין ביים דאַווענען. אויב נאָר אַ מנין, אַ וואָס פאַר עס זאָל נישט זיין, האָט ער שוין ליב געהאַט זיך צו פאָרען דערמיט. נאָר בעת אַ פייערלעכקייט האָט ער שטענדיק איבערגעחזרט מיט קנאה:

— קיין עין־הרע, וואָס פאַר אַ גרויסער מנין דאָ קומט זיך צוזאַמען, קיין עין־הרע נישט! די קראַנקע קריכן אַפילו פון די בעטן אַרויס, אַבי נישט אַדורכ־צולאָזן די געלעגנהייט, די געלעגנהייט נישט אַדורכצולאָזן.

אָבער ער אַליין האָט אויך נישט אַדורכגעלאָזט קיין וואָרט.

ווען די געסט זענען אַוועקגעגאַנגען, איז, נאָכן אָפּשווייגן אַ לענגערע צייט, צווישן די אַלטע געוואָרן טומלדיקער, ווי געווייגלעך. אבא לעדער איז אַ צעפּלאָנ־טער געלאָפן פון איין גרופּע מענטשן צו דער צווייטער און האָט מיט אַ זינעריש שמייכלע יעדן געקוקט אין די אויגן אַריין, ווי דאָס אַלץ, וואָס איז דאָ ערשט

פּאַרגעקומען, זאָל האָבן געווען זיין אויפטו. ער האָט זיך באַזונדערס אָפּגעשטעלט לעבן די, מיט וועלכע ער פלעגט זיך אַממייגסטנס שפּאַרן, וואָס האָבן שטענדיק געהאַט טענות, געווען נישט צופרידן מיט אַ סך זאַכן, וואָס מע האָט אינדרויסן, אויף יענער זייט פון זייער וועלטל, איינגעפירט. אַ ייד, וועלכער האָט אַמאָל געפירט זיינס אָן אייגן געשעפט, האָט געטענהט, מיט וואָס איז עס שלעכט געווען, אז מ׳האָט דעם שופלאָד מיט געלט פון א גאנצן טאָג לייזעניץ אהיימגענומען אין שטוב אריין. מ׳האָט דאָך פאַר דעם געקאָנט קויפן אַ וויללע, געבן אַ טאָכטער נדן, אַז זי זאָל באַלד האָבן אַ פונדאַמענט אונטער די פיס, אָדער מע האָט זיך אַפילו געקאָנט קויפן אַ קאָטש — ווען איז דאָס אַנגעגאַנגען? און היינט שטייט זיך דער קעראָווניק אין דער ספּולדזשעלניע, מ׳זאָגט אים, „ס׳איז דיין געווען״, און דערנאָך, אַז ער לייזט אָן אַ פולן שופלאָד, טאַר ער אַפילו קיין גראָשן נישט רירן דערפון. ער מוז נאָך דאָס געלט אַוועקטראָגן, ווי עס גייט און שטייט, אין דער באַנק אריין. און דער באַנקיר איז דען באַנקיר? — ער ווידער מוז עס ווייטער אַוועקגעבן, נישט מיר און נישט דיר...

אָבער אבא לעדער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און מיט טריומף געקוקט אין די פּנימער אריין:

— האַ, נישט מיר און נישט דיר! אוודאי נישט דיר אַ ווילע, נאָר טויזנטער קינדער — די ברעג און דעם ים. נישט דיר אַ הויז, נאָר טויזנטער ארבעטער — שיינע דירות!

אויב ער האָט דאָס נישט אַרויסגעזאָגט אַזוי פּינקטלעך, האָט מען עס געקאָנט אַרויסזען פון זיינע אויגן, שטענדיק רויטע פון לייענען גאַנצע טעג. אין אַזעלכע מאָמענטן זענען זיי געווען נאָך מער אָנגעצונדן, נאָר פון עפּעס אַ לויכטנדיקער שיין. יעדעס רונצעלע אויף זיין פּנים האָט געלעבט, איז געווען אַ געדאַנק.

נאָר אַלטע לייט זענען איינגעשפּאַרט. כאָטש די אומצופרידנקייט איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן, איז זיי שווער געווען נאָכצוגעבן. עס איז שוין אין זיי געלעגן אַזאַ איינגעבאַקענע זיכערקייט, אַז צוזאַמען מיט די יאָרן איז מיטגעוואַקסן זייער קלוגשאַפט און קיינער קאָן שוין גאָרנישט אויפטאָן עפּעס קלוגערס פון דעם, וואָס זיי ווייסן נאָך פון אַמאָל.

## III

פונדעסטוועגן איז ר׳ אהרון, דער עלטסטער פון גאַנצן הויז, אַמאָל נאָך אַ פייערלעכקייט, בעת וועלכער מען האָט געמיינט, אַז ער הערט גאָרנישט אויס, נאָר דרימלט די גאַנצע צייט, געגעבן אַ קום אַרויס מיט זיינס אַ חידוש. געהערט האָט מען וועגן גאָך עפּעס אַנדערש, אָבער ער האָט אַן אויפגעלעבטער, אַן איגער־

לעך אויפגערודערטער, מיט גלאַנציקע אויגן געגעבן צו פאַרשטיין זיינע געדאַנקען, ווי אָנביינדנדיק צו דעם, וואָס מע זאָל דאָ האָבן געזאָגט.

— טאַקע עפּעס אַ ווונדער! נישט קיין קינד, נישט קיין רינד, נישט קיין קרוב, נישט קיין אייגענע מויער, נישט קיין ביימל מיט געלט, און האָסט אַלץ, וואָס דו דאַרפסט. אַ דאַך איבערן קאָפּ, אַ ווייך געלעגער, עסן און טרינקען און קיין שום זאָרג. עפּעס טאַקע אַ ווונדער שמעקט אין דעם!

— אַ ייד זאָל האָבן אַזאַ גרויס מויל, — איז אַ יידענע אָנגעפאַלן אויף אים.— זאָגט כאָטש: אַ בייז אויג זאָל נישט שאַטן! איר זעט דאָך, גאָט פאַרלאָזט נישט!

אבא לעדער האָט זיך באַלד אַריינגעמישט מיט זיינע ווערטלעך:

— און איך זאָג אייך, אַז מ׳פאַרלאָזט זיך אויף גאָט, פאַרלאָזט גאָט. אַז מיר האָבן געשטעקט אין מערדערס הענט און זיך פאַרלאָזט אויף ניסים — נו, זענען דעמלט וויפל מיליאָנען מענטשן פאַרלאָזט געוואָרן? און ווער עס האָט זיך פאַר־לאָזט אויף זיך אַליין און זיך אַרויסגעריסן פון ז יי ע ר ע הענט, איז געבליבן אַ לעבעדיקער.

עס האָט זיך אַפילו אויפגעהויבן אַ געמורמל פון אַ טייל דער־נעבנשטייענדיקע מענטשן. זיי זענען נישט אינגאַנצן צופרידן געווען פון דעם, וואָס אבא לעדער האָט געזאָגט. נאָר אבא לעדער האָט צומאָל נישט געהערט, אַז זיי רעדן עפּעס. ער האָט זיך אומגעקערט צו ר׳ אהרונס ווערטער און אויפגעוויזן, אַז אין דעם, וואָס ער האָט געזאָגט, שמעקט גאָרנישט קיין ווונדער, נאָר אַ שכל, אַ שכל פון אָנפירן מיט דער וועלט אַזוי, אַז אַ מענטש קומט אויף דער עלטער און קאָן זיך מער נישט אויסאַרבעטן זיין שטיקל ברויט, זאָל ער קאָנען בכבוד אויסלעבן זיינע פאָר יאָר און נישט מוזן ווערן אַ בעטלער.

דעם דאָזיקן נאָכמיטאָג זענען שוין זייער ווייניק פון די אַלטע לייט געגאַנגען צו זיך אין די צימערן אַריין שלאָפן, זיי זענען געזעסן אין גרויסן זאַל און גע־שמועסט. אבא לעדער האָט שוין אַליין זעלטן גערעדט, בלויז אויסגעהערט, וואָס אַנדערע דערציילן. אָבער ער איז געווען דער, וועלכער האָט מיטן דערמאָנען דאָס וואָרט „בעטלער“ דעם שמועס איינגעפעדעמט. באַלד האָט מען אָנגעהויבן צו רעדן וועגן זיי, וועגן די בעטלער פון די אַמאָליקע ציימן. די אַלטע זענען זיך איינער דעם אַנדערן אַריינגעקראָכן אין די רייד, און אַזוי ווי קיינער האָט נישט געוואָלט שטיל ווערן, האָט מען געהערט די קולות און יעדער האָט זיך באַמיט איבער־צושרייען דעם צווייטן. ווער האָט דען נישט געדענקט די אָרעמעלייט פון זיין שטאָט אָדער שטעטל, ווו זיי זענען געשטאַנען אין די גאַסן, געגאַנגען איבער די הייזער און געוועלבער, געוואַנדערט פון איין שטאָט אין דער צווייטער? און אַז דאָס איז שוין געקומען אויפן טיש אַרויף, האָבן זיך ביי די מענטשן געעפנט גאַנ־צע קוואַלן מיט מעשיות און יעדער האָט געוואָלט אויספּאַקן וואָס מער. מע האָט גערעדט וועגן דעם, וויאַזוי דאָס לעבן פון אָרעמאַן איז געווען אויסגעשטעלט אויפן

גראָשן אָדער אויפן קלעצל צוקער, וואָס מען האָט אים געגעבן. אַ יום־טוב האָט עמעצער געהאַט בלויז דערמלט, אויב דער גביר האָט זיך מרחם געווען, אָדער זיך געוואָלט מאַכן פאַר אַ שיינעם ייִד, און אים אַהיימגעבעטן צו זיין טיש. אָפּרוען האָט ער געקאָנט בלויז אין בית־מדרש אויף דער באַנק אָדער אין הקדש.

צוביסלעך איז דער טומל שטילער געוואָרן, דאָ און דאָרט האָט עמעצער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ער איז נישט אַנטדרימלט געוואָרן, נאָר זיך פאַרטראַכט. עס איז אים געקומען אויפן זינען אַן אָרנטלעכער אורח, וועלכער האָט זיך געשעמט עפּעס צו בעטן, נאָר די נויט האָט אים געצוווּנגען דערצו. אַ צווייטן איז דאָס בלויז געקומען אין פּנים אַריין פון חרפּה, וואָס ער האָט מיט צענדליקער יאָרן צוריק אַרויסגעוואָרפן אַן אָרעמאַן און צוגעקלאַפּט פאַר אים די טיר.

מאיר מענדעלעוויטש האָט זיך פאַרטראַכט וועגן דעם, וואָס עס וואָלט געוואָרן פון אים און פון די אַלע אַרומיקע דאָ, ווען היינט זאָל זיין יענע צייט. די פרוי פעלדבלוי, וואָס האָט זיך אַזוי ריין געקליידט, וואָלט געגאַנגען אָנגעטאָן אין שמאַטעס, דער אַלטער ר׳ אהרן וואָלט שוין לאַנג געווען אויסגעגאַנגען ערגעץ אין אַ הקדש, און פון אים אַליין, פון מענדעלעוויטשן, וואָס וואָלט געוואָרן?...

עס האָט זיך אים אָנגעהויבן צו מאָלן עפּעס אַ שרעקלעך בילד, נאָר דאָס הויכע, כמעט שרייענדיקע קול פון אבא לעדיער, וועלכער איז געזעסן אַ ביסל ווייטער צווישן אַ גרופּע מענטשן, האָט אים איבערגעריסן די געדאַנקען.

— אַזוי האָבן געפירט די גבירים, די קאַפּיטאַליסטן, — האָט אבא לעדיער לייכט אַ פּאַטש געטאָן מיט דער האַנט אויפן בויך.

צווישן די מענטשן דאָ האָט זיך געפונען נישט איינער, וואָס האָט אַמאָל געהערט צו די זעלבע גבירים. נאָר שוין האָבנדיק מיטגעמאַכט אַ סך נויטן אין די צייטן פון היטלערן, האָבן זייערע קעפּ שוין אַנדערש געטראַכט, כאָטש זיי זענען נאָך אַרומגעגאַנגען גאווהדיק, געבלאָזן פון זיך צוליב זייער אַמאָליקער גבירישקייט. פון אבא לעדערס רייד און אויסטייטשונגען האָבן אַ סך אָנגעהויבן צו גלייבן, אַז אין די ביכער זיינע, וועגן וועלכע מע זאָגט, אַז ס׳איז „נישט קיין ספר און נישט קיין מעשה“, שטעקט טאַקע אַזאַ חכמה, וואָס ווייזט, וויאַזוי צו ברענגען אַ הילף אַלע מענטשן און אויסלייזן די וועלט פון נויט און מלחמות.

אבא לעדער איז אַמאָל געווען אַ לערער פון ליטעראַטור. פאַרן חברן זיך מיט אַ צווייטן לערער, אויף וועלכן די געהיים־פּאָליציי האָט געהאַט אַן אויג, איז ער עטלעכע חדשים אָפּגעזעסן אין תפיסה. דאָ האָט ער זיך דערוווּסט וועגן אַן אַנדער ליטעראַטור.

נאָך דעם, ווי ער איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן אויף דער פריי, איז ער שוין מער כמעט קיין לערער נישט געווען. אַמאָל אין אַ סעזאָן האָט ער ערגעץ געקראָגן אַ פּאָר שעה אין דער וואָך צו לערנען רעכענען אין אַ נידעריקן קלאַס, אָבער אויף אַ שטענדיקן פּאָסטן צו לערנען זיין קענשטאַנד, ליטעראַטור, האָט מען אים שוין

קיינמאָל נישט צוגענומען. אָפּט האָט אים אָנגענומען אַ חשק, אַפילו אַ בענק־שאַפט, צו יענער ליטעראַטור, וואָס ער האָט געלייענט אין דער תפיסה. אָבער דאָס גרויע, געיאָגטע לעבן אויסצוזוכן יעדן טאָג פאַר זיינע צוויי קינדער עפּעס צו עסן האָט אים כּסדר דערוויטערט פון דעם.

אַ קורצע צייט נאָך דעם, ווי ער איז אָנגעקומען דאָ אין זקנים־הויז, האָט ער גיטשטערנדיק אין דער שאַנק פון דער ביבליאָטעק געפונען איינעם אַזאַ בוך.

ער האָט דאָס עטלעכע מאָל איבערגעלייענט און דערנאָך, ווען ער האָט מער אַזעלכע ביכער אין דער ביבליאָטעק־שאַנק נישט געפונען, איז ער אַרויס אין שטאָט און זיי זיך געבראַכט. די אויגן זענען אים רויט געוואָרן פון לייענען. די רונצלען אויפן פּנים זענען געדיכטער געוואָרן, אָבער צוזאַמען מיט דעם האָט ער אויך אויפגעלעבט. ער איז געוואָרן באַוועגלעכער אין גיין און אין טאָן, שטאַרקער אין קול און גלאַטיקער אין רעדן. ער איז שוין דערנאָך ווייניקער געזעסן ביים טיש, מער געשמועסט און יעדן איינעם איבערגעשפּאַרט.

די לעצטע צייטן איז ער אָפּט געגאַנגען אין גאַס אַריין און אויף גאַנצע שעהן נישט צוריקגעקומען. אין זקנים־הויז האָבן אָנגעהויבן אַרומצוגיין קלאַנגען, אַז אבא לעדער זוכט זיך אַן אַרבעט.

אַ יידענע איז אַרויס מיט אַ טענה, נאָך אין אירע רייד האָט מען נישט גע־קאָנט באַמערקן, צי זי איז בייז, אָדער צופרידן:

— נאַריר גאָר, אַ מענטש איז אַהערגעקומען שטאַרבן און הייבט אָן צו לעבן!

## קאַפּיטל פינף

### I

נישט אַלע אין זקנים־הויז זענען געווען פון איין עלטער. טייל האָבן בלויז געמיינט, אַז זיי זענען אַלט, וואָרעם די כּוחות האָבן זיך ביי זיי געהאַט אויסגע־שעפּט. דאָס איז געווען אַן אַלטקייט פאַר דער צייט.

מאיר מענדעלעוויטש האָט זיך דאָ געפונען חברים, מיט וועלכע ער האָט זיך געהאַלטן נענטער ווי מיט אַנדערע. דאָס זענען געווען מענטשן פון זיינס גלייכן. אַזעלכע, וואָס זענען אַמאָליקע צייטן, פּונקט ווי ער, געווען אַרבעטער, באַלמעלאָ־כעס, געקומען אין פאַריין אַריין. ס'איז געווען אַ סך וואָס זיך צו דערציילן פון יענע צייטן וועגן די קאָנפליקטן און קאַמפן מיט די מייסטערס, וועגן די אַרומרייסעגישן פון די פּאַרטייען, וועגן אַרעסטן, געשלעגן מיט דער פּאָליציי.

אין מיטן בעסטן האָט זיך עמעצער געקאָנט געבן אַ כאַפּ אויף פון אָרט:

— איי, איי, וויפל יאָרן האָט מען געוואַרט אויף דעם... דער שמועס האָט זיך איבערגעריסן און אַ צווייטער האָט אונטערגעכאַפּט:

— יאָ, יאָ, אַ לעבן לאַנג געקעמפט צו קריגן אַ ביסל אַרבעט, געהאָפט אויף איר פון יאָר צו יאָר... אוי אַ לעבן...

און אַ דריטער האָט דערזאָגט דאָס, וואָס די אַנדערע האָבן געמיינט:

— און אַז עס געקומען די צייט, זענען די הענט אַלט געוואָרן.

ווען מע האָט נאָר אַרויפגעדרייט דעם ראַדיאָ, האָט מען באַלד געהערט: דאָ בויט זיך, דאָרט בויט זיך, מע דאַרף מענטשן. ווען מע האָט געעפנט אַ צייטונג, האָט מען באַלד געזען: די פאַבריק דאַרף האָבן פאַכמענער, אַ צווייטע פאַבריק האָט פאַרגרעסערט די צאָל מאַשינען און זוכט פרישע מענטשן. עמעצער, וואָס איז אַמאָל געווען אַ וועבער, איז געוואָרן אַן אינזשעניער, אַ געוויינלעכער אַרבעטער איז געוואָרן מיניסטער. דאָס לעבן פון דרויסן האָט אַריינגעקלאַפּט דורך די פענצטער, דורך די ווענט, האָט זיך אַריינגעריסן אין דער קליינער, שטילער וועלט.

## II

ביי דעם אַלעם זענען געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז אינדרויסן קאָן אויסזען אַנדערש ווי אַמאָל. עס קאָן דאָך נישט זיין, אַז עמעצער גייט אַריין אין אַ פאַבריק און פרעגט זיך אויף אַרבעט, זאָגט מען אים באַלד: שטעל זיך אַוועק ביי דער מאַשין; אַז מען בויט אַ הויז און עמעצער וויל צוהעלפן, זאָגט מען אים: נעם די קעלניע. דאָס איז עפּעס גאָרנישט צו באַגרייפן.

ווען דער ראַדיאָ האָט דערציילט וועגן עפּעס אַ גרויסע זאַך, וואָס איז אויפגעטאָן געוואָרן אין לאַנד, איז מאיר מענדעלעוויטש געוואָרן אויפגערודערט.

נאָך אַזאַ פאַל האָט ער געקאָנט אַ שעה, און אַפילו צוויי, זיך דרייען הין און צוריק אין גרויסן זאַל, אָדער אין זיין צימערל, און קיין אָרט זיך נישט געפינען. עס זענען אים געקומען אויפן געדאַנק פאַרשידענע געשעענישן פון זיינע אַמאָליקע יאָרן. גאַנץ אָפט פלעגט פּאַסירן, אַז בשעת דער חלף איז אים שוין געלעגן אויפן האַלדז, זענען אים געקומען אין קאָפּ אַריין מאָדנע חלומות. אומעטום, וווּ ער עפנט אַ טיר, זאָגט מען אים: „ביטע, קומט ווייטער... זייט מוחל, טוט אויס דאָס רעקל און נעמט זיך צו די כלים“.

די דאָזיקע חלומות האָט ער ביי אַ געלעגנהייט אויסגענוצט. ווען ער איז מיטגעגאַנגען אויף אַ שטרייק-קאָנטראָל, האָט ער די זאַך אַזוי פאָרגעשטעלט פאַר די נישט אויפגעקלערטע אַרבעטער, אַז אויב זיי וועלן מיטהעלפן אין דעם שטרייק און מיטגיין אין קאַמף מיט אַלע אַרבעטער, וועט אַמאָל אַזוי זיין.

און ווען דער „אַמאָל וועט אַזוי זײַן“ איז שוין געקומען, — האָט מענדעלעוויטש זיך אַליין געפרעגט, — זאָל ער זיך האַלטן פונדערווייטנס?

ערגער איז נאָך געווען דעמלט, ווען אבא לעדער האָט זיך מיט אַלע געזעגנט און שוין אַליין אָפן געזאָגט, אַז ער גייט אַוועק אויף אַ שטעל. און דאָס נישט כּתם אַזוי אויף אַ שטעל, נאָר ער האָט געפונען דאָס, וואָס ער האָט געזוכט דאָס גאַנצע לעבן. דערצו נאָך, האָט ער, אבא לעדער, ווי זיין שטייגער איז, צוגעגעבן אַ ווערטל, אַז נישט בלויז דאָס עסן און טרינקען גיט דעם מענטש צו כּוח, נאָר דער חשק און ווילן נישט אַרויסצופאַלן פון לעבן. וואָרעם, אַז אַ פיש פאַלט אַרויס אויפן ברעג, ווען דער שטראָם לויפט, לעבט ער אויך נישט מער, נאָר צאַפּלט זיך.

נאָך דעם, ווי אבא לעדער האָט פאַרלאָזט דאָס זקנים־הויז, האָט מענדעלעוויטש אַ האַלבע נאַכט נישט געקאָנט איינשלאָפן. שפּעטער, ווען ער האָט שוין פאַרמאַכט די אויגן, איז דאָס אויך נישט געווען קיין שלאָף, וואָרעם ער האָט געהאַט עפּעס אויסטערלישע זעעניש. אַ גרויסע גרופּע מענטשן, און ער אַליין אינדערמיט, לויפט אַרויס פון אַ פייער און לאָזט זיך אין וועג אַריין. אויפן וועג, אַרומקוקנדיק זיך, זעט ער בלויז באַקאַנטע פּנימער. די אַלע מענטשן זענען זיין פאַמיליע. דאָ גייען זיי רואיק, דאָ ווערן זיי געיאָגט. ביסלעכוויז ווערט די גרופּע קלענער. עס פאַרשווינדט איינער, דערנאָך אַ צווייטער, ביז ער בלייבט אינגאַנצן אַליין. ער האָט מער נישט קיין כּוח צו גיין, און אָנטרעפנדיק אויף אַ גרוב, לייגט ער זיך דאָרט אַריין. ער טראַכט, אַז ער וועט שוין דאָ אַזוי צוליגן, ווייל עס איז דאָך סיי־ווי קיינער נישט געבליבן, ווער עס זאָל אים באַגראָבן. דערווייל דערפילט ער, אַז אין גרוב ווערט וואָס אַמאָל וואַרעמער, און איבער אים, זעט ער, איז אַ דאַך פון בלויז פענצטערלעך. די זון שיינט אַריין אַזאַ וואַרעמע און ליכטיקע, און פון די שטראַלן ווערט זיין לייב אָנגעזעטיקט און אָנגעגאָסן מיט אַ זאַפטיקייט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער געפינט זיך אין אינספּעקטן, ווייל ער איז געווען אַרומגערינגלט מיט פלאַנצן, וואָס ווערן מיט יעדער מינוט פאַרביקער און רייפער. צווישן די פלאַנצן נעבן זיך דערקענט ער די פּנימער פון אבא לעדער און פון דער פרוי פעלדבלוי. עס איז קלאָר, אַז ער אַליין איז אויך אַ פלאַנץ. יעדן אין דער פרי הערט ער, ווי אין די פענצטערלעך אויפן דאַך קלאַפּט מען אַריין. ער פרעגט זיך, ווער עס קלאַפּט, און אבא לעדער ענטפערט אים, ווי געוויינלעך, מיט אַ ווערטל, אַז דאָס פּויקן אַזוי אויף די שייבלעך די שטראַלן און רופן, אַז מיר זענען שוין רייף, מיר קאָנען שוין קומען אויף דער וועלט.

## III

אין דער פרי, אויפכאַפּנדיק זיך, האָט ער דאָס ערשטע זיך דערמאָנט אין דער פרוי פעלדבלוי. מיט איר איז אַמאָל געהאַט געשען אַן אומגליקס־פאַל בעת אַן אויטאָ־קאַטאַסטראָפע און עס זענען איר צעבראָכן געוואָרן צוויי ריפּן. זי האָט

שוין געמיינט, אַז דאָס גאַנצע לעבן אירס איז שוין אַזוי צעבראָכן, זי וועט שוין קיינמאָל נישט אַרויס דערפֿון. אָבער געפֿונענדיק זיך דאָ עטלעכע יאָר, אין דער וויא־עמקייט, בײַ אַ רויִק לעבן, אָן זאָרג, האָט זי, אַליין נישט ווייסנדיק פֿונוואַנען דאָס איז געקומען, זיך לעצטנס געפֿילט געזונטער און איז שוין כמעט נאָרמאַל געגאַנגען. די פֿרוי פֿעלדבלוי האָט זיך שטענדיק געהאַלטן פֿײַן געקליידט, בעסער פֿון אַנדערע.

מיט עטלעכע טעג צוריק האָט זיך וועגן דעם געמאַכט אַ גאַנץ גערעדעכץ. זי האָט אַרויסגענומען דאָס שענסטע קליידל, אָפּגעפּוצט די שיך גלאַנציקער ווי שטענדיק, גענומען אַ שטעקן אין האַנט אַרײַן, אַז ס'זאָל איר זײַן גרינגער צו גיין, און זיך געלאָזט אין שטאָט אַרײַן. דאָס האָט זיך איבערגעחזרט איין טאָג נאָכן צווייטן. עס האָבן זיך שוין אפילו געפֿונען אַזעלכע, וואָס האָבן געזאָגט, אַז זי פֿאַרבט זיך אויך די באַקן. אָבער דאָס איז נישט אמת געווען. זי האָט טאַקע באַקומען אַ פֿרישע, געזונטע פֿאַרב אויפֿן פּנים, אָבער דאָס האָט זיך גענומען פֿון גאָר עפּעס אַנדערש — זי האָט געוווּסט, וויאַזוי זיך צו היטן און צו פֿלעגן דאָס געזונט. זי האָט געגעסן אין דער צייט און אין דער מאָס און אויסגעמיטן עסנס, וואָס קאָנען שאַטן. זי איז געזעסן אַ סך פֿאַר דער טיר, אויפֿן הויף, אָדער אויף דער גאַס פֿאַרן טויער, צו האָבן וואָס מער לופֿט. גערוט האָט זי אַזויפֿיל, וויפֿל עס איז איר נייטיק געווען, וואָרעם פֿון צופֿיל ליגן, האָט זי געהאַלטן, ווערן די גלידער אומבאַוועגלעך און פֿאַרשלאָפֿן. אחוץ דעם, ווייסט זי, אַז די נאָרמאַלע פּאָזיציע פֿון מענטש איז דאָך צו שטיין אויף די פֿיס און צו האַלטן דעם קאָפּ אויפֿגעהויבן. עמעצער האָט אַפֿילו אויך געלאָזט פֿאַלן אַ וואָרט, אַז די פֿרוי פֿעלדבלוי מאַכט יעדן טאָג גימנאַסטיק, אָבער אויף זיכער האָט מען דאָס נישט געקאָנט זאָגן, ווײַל קיינער האָט זי בײַ דעם נישט געזען, כאָטש גלויבן האָט מען געקאָנט דערפֿאַר, וואָס יונגערהייט, ווי זי אַליין דערציילט, האָט זי זייער ליב געהאַט ספּאָרט.

איינע אַ מיטוווינערין, זעענדיק ווי די פֿרוי פֿעלדבלוי פּוצט זיך יעדן טאָג אַזוי אויס און היט צו איר אויסזען פֿאַרן גיין אין גאַס אַרײַן, האָט אַ זאָג געטאָן:

— כ'בעט אײַך זייער, פֿרוי פֿעלדבלוי, וואָס היטן זי זיך אַזוי אָפּ דאָס ביסל אַלטע ביינער?

דאָס איז נישט געזאָגט געוואָרן מיט קיין שטאָך, נאָר גלאַט אַזוי, כדי עפּעס צו רעדן, אָדער אפֿשר עפּעס געוואָר צו ווערן.

די פֿרוי פֿעלדבלוי האָט אַלס ענטפֿער, אָן אַ וואָרט צו רעדן, אויסגעשטעלט אַ שיין ביסל בענקלעך אין אַ ראָד און פֿאַרבעטן די פֿרויען, וואָס האָבן זיך געפֿונען דערנעבן:

— זעצט אײַך, מײַערינקע.

זי אַליין האָט זיך אַוועקגעזעצט צווישן זיי און מיט איר געמיטלעכן שמייכל, מיט וועלכן דאָס גאַנצע לעבעדיקע פּנים אירס איז געווען באַגאָסן, האָט זי זיך

אַרומגעקוקט מילד, קלוג, נישט אײַלנדיק זיך מיט קײן וואָרט. זי האָט קודם געגעבן צו פֿאַרשטײן מיטן בליק און מיטן שמײכל, אַז זי וויל עפּעס זאָגן, וואָס איז כדאַי צו הערן, אָבער אײַלן זיך איז נישטאָ וואָס — עס וועט נישט אַוועקקומען.

— איר זעט, האַרציקע מײַנע. דאָס ביסל מענטשן דאָ, איך מײן אונדז, אַלטע לײַט, זענען די לעצטע מענטשן פֿון אַזאַ וועלט, וואָס וועט שוין מער נישט זײַן. איך מײן די וועלט, וואָס האָט געלעבט אין צרות, אין נויט, אין אומגליקן... איר פֿאַרשטײט מיך, טײַערינקע. די ייִנגערע פֿון אונדז, וואָס וועלן אַמאָל ווערן אַזעלכע אַלטע לײַט, ווי מיר, וועלן שוין זײַן נאָר אַנדערע אַלטע לײַט, ווײַל זײ וועלן שוין האָבן אַדורכגעמאַכט אײַנגאַנצן אַן אַנדער לעבן... זוי האָט געזאָגט אַבאַ לע־ער: יעדער פֿון זײ וועט זײַן באַהאָנגען מיט דיפּלאָמען, מיט מעדאַלן און אָרדערס פֿאַר אַ שטיק וועלט, וואָס ער האָט אויפֿגעבויט, און וועט אויך האָבן געגעסן פֿון איר, פֿון דער דאָזיקער וועלט... אָבער מיר וואָס?... אײנע האָבן אָפּגעבידעוועט און אָפּגעפֿינצטערט אַ לעבן, אַנדערע האָבן געגאַרט און געשוויינדלט פֿון צרות, וואָרעם מען האָט זײ קײן אָרנטלעך לעבן נישט געלאָזט לעבן... טאָ וואָס האָבן מיר זיך צו אײַלן? פֿאַרוואָס זאָלן מיר טאַקע נישט אָפּהיטן די פּאָר אַלטע בײנער, אַז מיר זאָלן נאָך כאָטש קאָנען אַ ביסל אַ נאַש טאָן פֿון דעם גוטן. וואָס עס קומט אונדז נישט?...

זי האָט געהאַט נאָך עפּעס צו זאָגן, נאָר עס איז איר נישט אָנגעקומען אַזוי גרינג אַרויסצוברענגען פֿון קאָפּ אַלץ מיטאַמאָל. זי האָט אַראָפּגענומען די ברילן, פֿון וואָס אַרום אירע אויגן איז געוואָרן בלאַסער, ווײַל עס איז אַוועקגעקומען דער גלאַנץ פֿון די גלעזער. מען האָט נאָר געזען דעם לעבעדיקן, זילבערנעם גלאַנץ פֿון אירע קלײנע, גרויע אויגן.

זי איז געזעסן צווישן די פֿרויען ווי אַ חשובע, קלוגע, עלטערע שוועסטער, כאָטש זי איז נישט געווען גרויער פֿון אַנדערע.

— איר פֿאַרשטײט מיך, טײַערינקע, ווען איך זאָל זײַן אַ פֿרום מענטש, וואָלט איך זיך געאײַלט אַהינצוקומען אויף יענער וועלט צו אונדזערע ברידער און שוועסטער, וואָס האָבן נישט דערלעבט צו זען דאָס, וואָס מיר. כ׳וואָלט זײ אַלץ דערציילט, זאָל זײ אַ ביסל גרינגער ווערן פֿאַר דעם, וואָס זײ האָבן געליטן. נאָר אַזוי ווי איך בין נישט זיכער, צי כ׳וועל זיך מיט זײ טרעפֿן, וויל איך שוין בעסער דאָ זײַן, אָט דאָ אויף אונדזער ערד.

אין דעם, וואָס זי האָט געזאָגט, איז נישט געלעגן קײן שום בײַסיקײט. זי האָט דאָס געזאָגט מיט דער געמיטלעכער רואיקײט פֿון אַ מענטש, וואָס איז גוט אויפֿגעלײגט.

— איך בין הײַנט אַלט צוויי און זעכציק יאָר, — האָט זי ווײַטער געזאָגט, ווי זי זאָל פּלוצלינג האָבן באַשלאָסן זיך מודה צו זײַן אין דעם, — איך רעכן נאָך

דאָ צו זיין אַ צען — פופצן יאָר, און אפשר נאָך אַ ביסל לענגער. ווער קאָן וויסן?... עס פאַרדריסט דאָך אייך נישט אויף מיר, וואָס איך וויל נאָך לעבן אזא פּאָר יאָר, אמת? ווען ס'גייט דער זוגת...אויס פון יעדן וועלן... און אויב אזוי, מוז מען דאָך אויף אזא צייט זען עפּעס צו טאָן, נישט אמת? גרייט איך זיך מאַקע צו דעם... ס'איז מיר גאָרנישט שווער אָנגעקומען. מ'האָט מיר אָנגעוויזן אויף אַ בוראָ, כ'זאָל דאָרט אהינגיין, בין איך אהינגעגאַנגען און געפרעגט: „מ'דאַרף דאָ האָבן אַ מענטש צוצוהעלפן?" האָט מען מיר באַלד געזאָגט — „יאָ, מ'דאַרף מאַקע אַ מענטש..." איך פאַרשטייט מיך, טייערינקע, מ'האָט אויסדריקלעך געזאָגט: „אַ מ ע נ ט ש". דאָס הייסט, מ'האָט נישט געזאָגט אויף מיר, אז כ'בין אוים מענטש, נאָר, אַז איך בין אַ מענטש און טויג נאָך צו עפּעס... כ'וועל דאָרט צוהעלפן אריינשרייבן אין די ביכער, צוזאַמענשטעלן בריוו. דער שעף אַליין האָט מיר געזאָגט, אַז מ'וועט זען דריי חדשים, אויב כ'וועל טויגן צו דעם, וועט מען דאָס מיידל, וואָס האָט ביז איצט געטאָן די אַרבעט, שיקן צו עפּעס אַנדערש, ווו זי איז נוציקער... נו, וואָס זאָגט איר? וועל איך דאָך אויך ברענגען עפּעס אַ נוצן, נישט גוט אזוי?...

## קאַפּיטל זעקס

### I

די לעצטע טעג איז מענדעלעוויטש אין מיטן גיין זייער אָפט שטיין געבליבן. דאָס איז געשען סיי אין זיין צימער, און וועלכן ער האָט נישט געקאָנט רואיק זיצן אויף אַן אָרט, סיי אין גרויסן זאַל און סיי אפילו אויפן הויף. עס איז אים כסדר געקומען אויפן זכרון אַ ברייט, נידריק הויז פון זיין שטעטל, און דערביי איז דאָס האַרץ אים פאַרגאָסן געוואָרן מיט אַ וואַרעמקייט. זיין פּעסיע האָט שטענדיק געפלעגט זאָגן, אַז דער פאַריין איז זיין ערשטע היים און זיין אייגענע שטוב מיטן ווייב איז אַ ווייטערדיקע זאַך.

פאַרוואָס טאַקע, אַז ער איז דערמאָלט געווען אין שטעטל און האָט מער זיין היים נישט געפונען, איז ער נישט געגאַנגען אַ קוק טאָן אין יענער היים זיינער, אין דעם הויז מיטן ווייסן טינק, ווו עס איז געווען דער פּראָפּעסיאָנעלער פאַריין? דאָרט, אויפן ערשטן שטאָק, האָט ער דאָך אָפּגעלעבט אַ שטיק פון זיין לעבן! זינט ער האָט אָנגעהויבן אַרויפצוקומען אין דעם לאָקאַל — ער געדענקט שוין אַליין נישט ווי לאַנג דאָס איז — האָט ער דערנאָך דאָ שוין פאַרבראַכט אַלע זיינע אָוונטן, און אין די צייטן פון אַרבעטלאָזיקייט — אויך אַ גרויס שטיק פון טאָג.

אין דעם הויז האָט ער זיך שוין לאַנג געהאַט דערמאָנט, נאָך דעמלט, ווען ער האָט זיך געפילט אָפּגעשוואַכט, האָט דער געדאַנק עס צו זען אים נישט אַזוי שטאַרק געמאַטערט. לעצטנס, וואָס מער ער האָט זיך געפילט געקרעפטיקט, אַלץ שטאַרקער האָט זיך אין אים געוועקט דער חשק אַ קוק צו טאָן אויף דעם.

איינמאָל נאָך אַ פרישטיק האָט ער זיך אָנגעטאָן אַ ביסל וואַרעמער. דער טאָג איז אפילו געווען אַ לינדער, אָבער אויף יעדן פאַל, טאָמער ענדערט זיך דאָס וועטער, זאָל ער זיין צוגעגרייט דערצו. ער האָט קיינעם נישט געזאָגט, ווו ער גייט, און איז אַרויסגעגאַנגען אין שטעטל אַריין. דערנענטערנדיק זיך צו דעם הויז, האָט ער זיך שוין פאָרגעשטעלט איינעווייניק דעם לאָקאַל, וועלכער פלעגט שטענדיק אין די אָוונטן פול זיין מיט פאַפּיראָסן-רויך. פון דעם רויך-נעפּל האָט ער איצט געזען אַרויסקוקן די פּנימער פון זיינע חברים. זיי היצן זיך, שרייען אַראָפּ פון דער טריבונע, וואַרפן מיט די פויסטן אין דער לופטן. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז דאָרט איבן שטעלט מען צוזאַמען אַ שטרייק-קאָמיטעט און ער, מענדעלעוויטש, פעלט צו. ער איז מיט שנעלע טריט אַרויפגעגאַנגען איבער די באַקאַנטע טרעפּ, וועלכע ער האָט יאָרן-לאַנג אַזוי פיל מאָל אויסגעטראָטן. אין לאָקאַל האָט ער באַגעגנט באַקאַנטע פּנימער, אָבער נישט די, וועמען ער האָט זיך פאָרגעשטעלט.

צוערשט האָט קיינער נישט געליינט קיין אכט אויף אים, ווי אויף אַ סך אַנדערע, וואָס האָבן זיך דאָ געדרייט אַריין און אַרויס. נאָך פּלוצלינג האָט עמעצער אויסגעשריגן מיט היץ:

— זעט נאָר, דער אַלטער מענדעלעוויטש איז דאָך דאָ!

„מאיר, וואָס מאַכסטו?“ — האָט מען אים אין דער פּוילישער שפּראַך אויסדריקלעך אים אָנגערופן מיטן יידישן נאָמען. דאָס מאָל האָט ער נישט געהאַט קיין שום ספק, אַז אין דעם אויסרוף ליגט אַ פרייד, וואָס מען זעט אים. ער האָט זיך שוין גאָרנישט געריכט, אַז ער וועט דאָ טרעפן עמעצן, וואָס זאָל אָנרופן זיין נאָמען מיט אַזאַ געפיל ווי אַ נאָענטער. מען האָט אים פעסט געדריקט די האַנט, אַרומגענומען. שפּעטער איז ער געזעסן ביים שרייבטיש און אַנטקעגנאיבער האָבן אַ פּאָר דערפרייטע אויגן מיט אַ בלויען גלאַנץ אין זיי כסדר געקוקט אויף אים. דער יונגער מענטש מיטן בלאָנדן קאָפּ האָט אים געהאַלטן אין איין פרעגן, וואָס ער מאַכט, ווי ער פילט זיך, וואָס עס הערט זיך ביי אים. אָבער עס איז אים נישט לייכט געווען צו ענטפערן, איז ער דעריבער געזעסן שטיל, אָדער געענטפערט מיט אַ שטיל אונטערהוסטן.

מיטאַמאָל האָט זיך יענער אַ כאַפּ געטאָן:

— און אַ דירה האָסטו, מאיר?

אַ מאָדנע פראַגע. בלויז אַ דירה האָט ער נישט! און וואָס האָט ער יאָ? אָבער עס איז אים שווער געווען צו רעדן, און ער האָט גאָרנישט געענטפערט. יענער

האָט א ריס געטאָן דאָס טרייבל פון שטייענדיקן טעלעפאָן־קעסטעלע אויפן טיש און אריינגעשריגן מיטן גאנצן אויפגעלעבטן, רירעוודיקן פּנים:

— מאיר איז צוריקגעקומען... נו, דער האַנט־שערער... דער אַלטער מענדעלעוויטש!... וואָס?... אַהאַ!... — דערנאָך האָט ער ווידער געפּויקט מיט די גאָפּלער אויפן טעלעפאָן־קעסטעלע און אריינשרייענדיק צוויסן געטאָן אין א צווייט אָרט:

— דער חבר מענדעלעוויטש איז צוריקגעקומען... דער ייד, דער שערער, וואָס האָט געוווינט ביי... גוטהאלצן... יאָ, ביי גוטהאָלצן אין הויז... מען וואָלט שוין געדארפט עפּעס וועגן א דירה...

## II

פאר דער מלחמה האָט מענדעלעוויטש געקאָנט כמעט דאָס גאנצע שטעטל. די מערהייט פון דער באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון אַרבעטער פון די אָרטיקע גרויסע טעקסטיל־פאבריקן. מענדעלעוויטש האָט אין די פאבריקן קיינמאָל נישט געארבעט. בלויז אין די קליינע פאבריקלעך, אין די ווארשטאטן האָט ער אמאָל געדרייט א שעראמע, אמאָל געקלאפּט ביי אַ האַנט־שטול. אָבער דאָס לעבן פון די גרויסע פאַבריקן האָט ער פונדעסטוועגן געקאָנט, פונקט ווי זיין אייגנס. דאָס גארן האָט ער דאָרט נישט געשפּונען, די לייוונט און דעם קאָרט האָט ער נישט געוועבט, אָבער דעם צאָרן און האס קעגן די אויסנוצער האָט ער אויסגעארבעט צוזאַמען מיט יענע. ער איז געווען אויף זייערע פאַרזאַמלונגען אין פאַריין, אויף די צוזאמענקונפטן אין הינטערשטאָטישן וואלד. דאָס מיניענדיקע זילבער־בלויע ליכט, וואָס דער הימל האָט אָנגעהאָנגען צווישן די צווייגן און בלעטער, און די הייסע ווערטער פון די רעדנער האָבן פונאנדערגעיאָגט די טונקלקייט פון וואלד. ער איז מיטגעגאנגען מיט די דעמאָנסטראציעס קעגן זייערע פאבריקאנטן, מיטגעזונגען די לידער און געהאָלפן טראָגן די פענער. אז די ארבעטער זענען געזעסן אין אַ פאַבריק, אָקופּירנדיק זי, האָט ער אויף ליסטעס געזאמלט געלט, כדי די שטרייקנדיקע זאָלן קאָנען וואָס לענגער אויסהאלטן. ער האָט זיי געטראָגן פעקלעך עסן און צייטונגען.

אין דעם שטעטל האָבן זיך איינס דאָס אַנדערע געהאָלפן. די אַרבעטער פון די גרויסע פאַבריקן זענען מיטגעגאַנגען מיט די שטרייק־קאָנטראָלעס אין די קלענערע פאַבריקלעך. אַלע, יונג און אַלט, האָבן זיך געזאָגט „דו“. מענדעלעוויטש האָט נישט געהערט צו די, וואָס האָבן אָנגעפירט מיטן גאַנצן רעדל, אָבער ער האָט געדינט דער זאַך, ווי אַ געטרייער זעלנער, מיט אַ סך ברען. אויף די שטרייק־קאָנטראָלעס האָט ער אַ פאַבריקאַנט געקאָנט געבן אַזאַ זאָג אַריין, אַז יענעם איז די צונג אָפּגענומען געוואָרן.

ער האָט זיך דערמאָנט דאָס פּנים פון דעם יונגן מענטש, וואָס האָט אַזוי געליאַרעמט אין טעלעפאָן־טרייבל אַריין וועגן אַ דירה פאַר אים. אַפילו ווען די מענטשן דאָ וואָלטן זיך נישט געוואָנדן צו אים: „חבר וולאַדעק", וואָלט ער זיך, מענדעלעוויטש, אַליין דערמאָנט זיין נאָמען. דעמלט איז ער, וולאַדעק, געווען נאָך אַ גאָר יונגער יאַט. מיט אַלע שטרייק־קאָנטראָלעס איז ער מיטגעלאָפן, און דאָרט, ווו ס'איז געווען שווער אַריינצוקומען, האָט ער מיט זיין דרייסטקייט דער ערשטער זיך אַריינגעריסן. אויף די דעמאָנסטראַציעס האָט ער אַלעמען איבערגעשריגן מיט זיין געזונטן קול. ער דערמאָנט זיך אַפילו, אַז ער איז קיינמאָל נישט געגאַנגען אין קיין גאַנצע לייטישע שיך. אין ערגעץ האָט מען אים נישט לאַנג געהאַלטן ביי דער אַרבעט, ער האָט זיך שטענדיק אַנטקעגנגעשטעלט יעדער עוולה, נישט געלאָזט באַליידיקן, נישט זיך און נישט קיין צווייטן. אַן אָרעם יינגל געווען, אָבער שטענדיק אַ פריילעכער, און ביי דעם, אויך אַ פאַרביסענער.

מענדעלעוויטש האָט זיך שאַרפער איינגעקוקט אין וולאַדעקס פּנים. כאָטש עס האָבן זיך אָנגעזען אויף אים די פּאָר יאָר, מיט וועלכע ער האָט זיך זינט דעמלט געעלטערט, איז ער נאָך פונדעסטוועגן געווען גענוג יונג. עס איז אים אויך צוגעקומען דאָס, וואָס געוויסע מענטשן האָבן אים אָנגערופן ביים פאַמיליע־נאָמען: מקאַצקי. דאָס איז פאַר מענדעלעוויטשן געווען עפּעס נייס אין וולאַדעקן. אין זיינע אייגן האָט דאָס צוגעגעבן עפּעס צו יענעמס אויסזען, אים געענדערט, געמאַכט וויכטיקער, ערנסטער. דאָס פּנים איז אים געוואָרן מענערישער, געזעצטער, און אַזאַ כוח שלאָגט פון זיינע רייד! אָבער וואָס פאַר אַ מאַכער איז ער עפּעס, ווי ער זאָל דורכן טעלעפאָן־טרייבל האַלטן די גאַנצע שטאָט אין דער האַנט?!

נאָך אין ראַטנפאַרבאַנד איז מענדעלעוויטש נישט געווען אָפּגעריסן פון דעם, וואָס עס טוט זיך אין לאַנד. אין פאַריין פון די פּוילישע פּאַטריאָטן האָט מען אַ סך געשמועסט וועגן דעם, וואָס דאָרט קומט פאָר. אָבער אין פאַרלויף פון די פּאָר שעה, וואָס ער געפינט זיך דאָ אין דעם שטעטל, האָט ער אויף אַלעם געקוקט אַ מבולבלער.

## קאַפּיטל זיבן

### I

אין דרויסן האָט זיך דער טאָג אויסגעלייטערט. אַ שטיק זון האָט זיך אַוועקגעלייגט אויפן טיש און באַלויכטן מענדעלעוויטשעס הענט. ער האָט זיי פאַרגליכן מיט די הענט פון דעם אַנטקעגנאיבער זיצנדיקן וולאַדעק און געוואָלט זען אויף וויפל זיינע זענען אויס עלטער פון יענעמס. אין די ווילן שטיל, וואָס די אַריינ־

שײַנענדיקע זון האָט אויפגעהויבן, זענען געשטאַנען גרופּעס מענטשן און געשמועסט. מיט מענדעלעוויטשעס אַרײַנקומען האָט זיך די טעמע געביטן. ער האָט געהאַלטן די אויערן אָנגעשטרענגט און אויפגעכאַפּט אַ סך פון די רייד. אײנער, וואָס האָט באַמערקט זײַן אײַנהערן זיך, האָט צו אים אַ זאָג געטאָן:

— ער, ברודער, ביסט נישט אײנער מיט דײַנע צרות!

— און איצט, גוטער ברודער, — האָט וולאַדעק מיט זײַן הויכער, ענערגישער שטים געגעבן אַ האַק איבער דעם פריערדיקן שמועס, — ווען מיר זיך אַ נעם טאָן צו דער אַרבעט, אַז ס'וועט גיין אַ רויך. קײנער וועט דיר מער נישט שטערן אָנצוקומען אין דער פאַבריק... בײַ קיין האַנט־שערערײַ וועסטו מער נישט אַרבעטן. דאָס פאַרגעס, ברודער לעבן, די הילצערנע קאַרוזעלע וועט דיר מער נישט קרעכצן אַ גאַנצן טאָג אין קאָפּ אַרײַן... מיר וועלן דיר צושטעלן אַ קראַפט־מאַשינדל, ערשטקלאַסיק, ברודער, דער עלעקטרישער שטראָם וועט האָרעווען פאַר דיר, און דו וועסט זי נאָר צוהיטן, אַז זי זאָל נישט פאַרגאַלאָפּירן... וועסט זיך אַ נעם טון, ברודער, וועסטו זיך אויסלערנען דײַן פאַך אויפסניי... נײַע צײַטן, אַלטיטשקער, מוז מען זיך לערנען אויפסניי אַרבעטן... אויפסניי לעבן...

מענדעלעוויטשעס אויגן זענען גרעסער געוואָרן, ווי ער זאָל זיך האָבן פאַר עפּעס דערשראָקן.

— און קיין האַנט־שעראַמעס וועלן מיר נישט גיין?!... — האָט ער כמעט אַ געשריי געטאָן.

— ביסט גאָרנישט אַזוי אַלט, מאיר, ווי דו ווילסט בלײַבן בײַם אַלטן, — האָט דער יונגער, בלאָנדער מענטש אים אָפּגעענטפערט מיט דער לעבעדיקייט און ענערגיע פון אײנעם, וואָס די אויפגײענדיקע כוחות שפּאַרן אַליין אַרויס פון אים.

מענדעלעוויטש האָט זיך אויפגעשטעלט. אין די גראָבע מלבושים איז ער געווען צופיל אָנגעפּעלצט פאַר דעם וואַרעמען זומער־טאָג, וואָס האָט אינדרויסן אויפגעשײַנט, און פון דעם זענען זײַנע באַוועגונגען אַרויסגעקומען האַמעטנער, שווערער, עפּעס ווי אָן כוחות. ער האָט זיך אויסגעדרייט און מיט לאַנגזאַמע טריט זיך אַדורכגעשטופּט צווישן די מענטשן צו דער טיר צו. אין לאָקאַל איז געוואָרן אַזוי שטיל, אַז עס האָט זיך געהערט יעדער טריט פון זײַנע האַרטע שיך.

דער הויכער ווײַטשעק, אַן עלטערער אַרבעטער, וואָס איז ערשט נישט לאַנג געהאַט אַרײַנגעקומען, איז מיט אַ שטרענג פּנים צוגעגאַנגען צו וולאַדעקן און אים געשטאָכן מיט זײַן אומבאַוועגלעכן, שאַרפן בליק:

— צו אַ מענטשן דאַרף מען קאָנען רעדן... אַ מענטשנס ווייטיק דאַרף מען קאָנען פאַרשטיין און נישט גלאַט... מען דאַרף וויסן מיט וועמען און וויאַזוי...

וולאַדעק טקאַצקי האָט זיך געלאָזט צו דער טיר נאָכיאָגן דעם אַלטן. ווײַטשעק האָט אים אַ כאַפּ געטאָן בײַם אָרעם:

— מען דאַרף נישט... לאָז אים אָפּ, לאָז אים אַליין.. דער ווייטיק וועט אין אים צעגיין, וועט אים לייכטער ווערן, דעמלט...

אָבער מענדעלעוויטש האָט געטראַכט וועגן גאָר עפּעס אַנדערש. אים איז פּונקט געקומען אויפן געדאַנק די געשיכטע, וואָס ער האָט אַמאָל געלייענט וועגן טוביה דעם מילכיקן. אויף טוביהן האָט זיך אויך אַראָפּגעלאָזט איין אומגליק נאָכן צווייטן, ער האָט אָנגעוווירן אַלע זיינע קינדער און די גאַנצע היים איז אים אונ־טערגעגאַנגען. עס איז אים גאָר געבליבן אַ בידנע, אויסגעמאַטערט פערדל, וואָס האָט אים דאָס גאַנצע לעבן געגעבן חיונה. וואָס פאַר אַ טרייסט וואָלט געווען פאַר טוביהן, ווען מען זאָל אים אָנשטאָט דעם נאָענטן באַשעפעניש געבן אַ מאַקסוו־קע — זעץ זיך אַוועק אויפן ווייכן געזעס און דריי מיטן ראָד און טרומייטער! זיין פריינד איז דאָך אייביק געווען די האַנט־שעראַמע. זי האָט מאַקע געקרעכצט, געהונקען, אָבער זי איז אים געווען אייגן, נאָענט. און פּונקט ווי צו דער שעראַמע, איז ער דאָך געווען צוגעבונדן צו דער האַנט־שטול. די שויך פון שטול, די שפּולן זענען געווען זיין קינדעריש שפּילצייג; די טונקעלע וועבער־שטוב, וווּ עס האָט זיך אויף שטריקלעך און ברעטלעך אָפּגעזעצט דער פאַרביקער מעד, איז געווען זיין קינדער־גאָרטן. און איצט זאָל ער זיך אַוועקשטעלן ביי אַ גלאַנציקער מאַשין, ווי זיי האָבן דאָרט אָפּגעמשלט. צי איז דאָס פאַר זיין קאָפּ זיך אויסצולערנען אומגיין מיט איר, פאַר זיינע כוחות?

## קאַפּיטל אַכט

### I

מענדעלעוויטש האָט זיך געפילט אויסגערוט, שוין צופיל אויסגערוט. ער איז פולער געוואָרן, און אויפן רונדיקן פּנים האָבן די גראָבע, ברוינע וואָנצעס, וואָס ער האָט נישט אַראָפּגענומען נאָך פון די צייטן, ווען ער האָט געדינט ביי „פּאָניען" און סיביר, צוגעגעבן זיין אויסזען עפּעס שטאַרקס. דער לעצטער וויזיט אין שטעטל און דער שמועס מיט וולאַדעק טקאַצקי האָט אים שוין אינגאַנצן צעט־רודערט. עס איז אים שוין אַ שאָד געווען יעדע רגע, וואָס דער כוח פון זיינע הענט גייט אומזיסט פאַרלוירן. אָבער ער האָט באמת נישט געוווסט, וויאַזוי מען הייבט אָן, צו וואָס מען נעמט זיך. אַרבעטן אויף יענער מאַשין, וועלכע וולאַדעק האָט אים פאַרגעלייגט, קאָן ער נישט. זיין האַנט־אַרבעט ווידער, וואָס ער קאָן יאָ, איז דאָך פאַרשוווּנדן צוזאַמען מיט זיינע יונגע יאָרן.

אין די נעכט האָבן זיך אים באַוויזן פאַרשידענע חלומות. אַמאָל האָט ער געזען אַזאַ ריזיקע וועב־שטול, וואָס האָט פאַרנומען אַ שטח אַזוי גרויס ווי די גאַנצע שטאָט. דאָס איז געווען אַזאַ מעכטיק געשטאַלט פון שטאַנגען און רעדער, פון בלאָטן און קאַמען, דורך וועלכע עס האָבן זיך געצויגן פעדים אין אַ ברייט פון טויזנטער מעטער. די שטאַנגען און רעדער האָבן זיך באַוועגט, די בלאָטן אין דער שטול האָבן געקלאַפּט און פון הינטער דער לאַדע לאָזט זיך אַראָפּ דער פאַרטיקער שטאָף, וואָס פליסט אָן אויפהער ביי טאָג און ביינאַכט. דער שטאָף פליסט דורך אַ ברייטער שפּאַרע אין דער ערד אַריין, ווי דאָרט זאָל זיין אַ ריזיקער, הוילער רעזערוואַר. אונטער דער ערד צעגייט ער זיך אין פאַרשידענע זייטן. פּונקט ווי אין דער פּיליצע, אין דער ווייסל און אין די אַנדערע טייכן, וואָס גייען צווישן די פעלדער פון איין שטאָט אין דער צווייטער, פליסט וואַסער, אַזוי פליסן די פאַסן שטאָף אין אַזעלכע ערד־געלעגערס און ביימן יעדע שעה דעם מוסטער און דעם קאָליר. די פאַרבן האַלטן זיך אין איין וועקסלען אין די טייך־געלעגערס און קיין איין נייער קאָליר און מוסטער איז נישט ענלעך צו די פריערדיקע. דאָס אַלץ ווערט געפאַרבט און געוועקסלט דורך אַזאַ אַפּאַראַטור אונטער דער ערד. אַזוי ציען זיך די פאַסן שטאָף איבערן גאַנצן לאַנד, מיניען זיך אין דער זון, באַמאָלנדיק די פעלדער מיט נייע פאַרבן, פליסן אַליין אין די שטעט און דערפער אַריין, ליגן זיך אויס אין די מאַגאַזינען, און יעדער מענטש נעמט פאַר זיך, וויפל שטאָף ער דאַרף און וואָס פאַר אַ מוסטער עס געפעלט אים.

אַזוי איז אַלץ מעכאַניזירט. און ער, מענדעלעוויטש, איז אַ האַנטוועבער, וואָס קאָן ער ביי דעם טאָן?

ווען ער האָט זיך אויסגעניכטערט פון שלאָף, האָט ער געטראַכט: עס וואָלט גוט געווען, ווען עס זאָל אַזוי זיין, אָבער דערווייל זעט מען דאָס נאָר אין שלאָף. ער האָט באַשלאָסן ביי זיך נאָכאַמאָל אַריבערצופאָרן צו וולאַדעקן און רעדן מיט אים, אַז ער זאָל פאַר אים אויסזוכן עפּעס אַנדערש, נישט פּונקט די מעכאַנישע שער־מאַשין, און אויב פון דעם וועט גאָרנישט אַרויסקומען, וועט ער זיך אַליין עפּעס אויסזוכן.

## II

אָבער פּונקט אין דעם טאָג, ווען ער האָט שוין געוואָלט פאָרן, האָט מען זיך דאָ געגרייט אויפצונעמען געסט. דאָס זענען געווען פאָרשטייער פון קאָאָפּעראַטיוון, וואָס האָבן גענומען אויף זיך די געזעלשאַפטלעכע אַפּוטרופּסות איבער דעם זקנים־הויז. שטענדיק האָבן זיי, ווי זיי זאָלן זיין אַלעמענס משפּחה, מיטגעבראַכט עפּעס געשמאַקע מאכלים, אָדער אַ סומע געלט אויפצופּרישן די צימערן, צי גאָר איינ־צופירן אַ נייע באַקוועמלעכקייט פאַר די אַלטע.

מאיר מענדעלעוויטש איז שוין פון אין דער פרי אָן געשטאַנען ביים פענצטער. ס'איז געווען איינמיטן האַרבסט, אין אַזאַ טאָג, וואָס יעדע שעה בייט זיך דאָס וועטער. אין דער פרי האָט מען געמיינט, אַז עס וועט זיך באַלד אַראָפּלאָזן אַ גאָס רעגן צי גאָר אַ שניי, גאָר מיטאַמאָל האָט זיך אויסגעלייטערט און די זון האָט זיך באַוויזן אין סאַמע מיטן הימל, ווי אין אַ זומער־טאָג. דערנאָך האָט זיך ווידער לייכט באַרוואָלקנט און דורך די שפּאַרעס פון די נאָכנישט פאַרזעענע פענצטער אויפן ווינטער האָט אַרייננעשמעקט אַ וואַרעמלעך ווינטל, ווי אין פרילינג. מענדעלעוויטש האָט נישט געקוקט אויפן זייגער, נישט געציילט די שעהן, גאָר געשטאַנען ביים פענצטער, ווי פאַרטאָן אין דעם שפּילן זיך פון וועטער. ווען אין דרויסן איז געוואָרן טונקל, האָט ער דערפילט אַן אומעט, ווען די זון האָט אויפגעשיינט, האָט זיך אין אים דערוועקט אַ פרייד.

דאָס הויז איז געהאַלטן געוואָרן געגנוג ריין,פונדעסטוועגן, ריכטנדיק זיך אויף די געסט, האָט מען געפוצט און גערוימט מער ווי שטענדיק — זאָל מען נישט האָבן וואָס צו רעדן אויף די אלטע לייט. מען האָט געווישט די טישן און שטולן, צוגעקליבן די ווינ־צימערן, געקערט די ווינקלען פון שפּינוועבס, כאָטש עס איז דאָרט גאָרנישט געווען וואָס אָפּצוקערן. די ווייבער האָבן זיך נישט פאַרלאָזט איינע אויף דער אנדערער. יעדע האָט זיך געהאלטן פאר א גרעסערע באַלעבאָסטע און געוואָלט ווייזן, ווי ריין זי האָט אמאָל געהאלטן איר אייגענע היים.

די געסט האָבן געלאָזט אויף זיך לאנג וואַרטן. מע האָט געמיינט, אז זיי וועלן שוין נישט קומען. די מענטשן זענען צוריק אריין אין זייער געוויינלעכן טעגלעכן לעבן. פארנאכט האָט דער גרעסטער טייל אלטע זיך ווידער פארזאמלט אין אלגעמיינעם זאַל, מע האָט לאנג נישט אַרויסגעדרייט די עלעקטרע, וואָרעם אין דער טונקלקייט שמועסט זיך בעסער. עס זענען געזעסן גרופּקעלעך שאָטנס, פון וועלכע עס האָט זיך געהערט א שטיל, פליסטערנדיק רעדן. טייל שאָטנס זענען געגאנגען איבער דער שטוב, שווער, פאַמעלעך, ווי מעבל זאָל זיך אליין איבערוקן פון איין אָרט צום צווייטן.

פּלוצלינג איז ליכטיק געוואָרן און צוזאמען מיטן ליכט האָט מען דערזען די געסט אין זאַל. זיי האָבן געהאט וואַרעמע, צעשמייכלטע פּנימער, פולע מיט גרוסן פון דער דרויסנדיקער וועלט. דריי מענטשן זענען זיי געווען. דער, וואָס איז געשטאַנען איינדערמיט, איז געווען דער העכסטער, און אויב דאָס אויג האָט נישט גענאַרט, אוודאי אויך דער ייִנגסטער. זיין פּנים איז געווען א שטילערס, א רואיקערס ווי פון די אנדערע צוויי, וואָס זענען מיט אים צוזאמען געקומען. זיינע שמאָלע, לאנגע באקן זענען געווען באַהויכט מיט א פרישער בלויקייט, א גלאנציקע נאָכן ראזירן זיך. די גאנצע לעבעדיקייט, וואָס ביי די אנדערע געסט האָט מען זי אָנגעזען אין די פּנימער, איז ביי אים געווען צוגוויפגעזאמלט אין

צוויי קליינע פונקטן — אין זיינע גרויע אויגן. דער דאָזיקער יונגער מענטש האָט אויף די אנדערע זקנים אויך געקוקט, אָבער בלויז פאַרבייגייענדיק, נאָר פון מאיר מענדעלעוויטשן האָט ער אויף קיין רגע נישט געקאָנט אָפּרייסן דעם בליק. אויך מענדעלעוויטש האָט די אנדערע צוויי געסט כמעט נישט באמערקט. ער האָט ווי א פאַרבלענדטער זיך איינגעקוקט אין דעם הויכן יונגערמאן און אין דער זעלבער צייט האָט ער אין זכרון געזען א באקאנט וועבער־יינגל פון זיין שטעטל. אי ער איז געווען יענץ יינגל, אי עמעצער אנדערש. דעמלט, פון ווען ער געדענקט אים פון שטעטל, איז ער געווען אויף דער לער, אמאָל ביי איין מייסטער, אמאָל ביי א צווייטן. ער האָט שוין אפילו געהאט אָנגעהויבן זעלבשטענדיק צו ארבעטן, אָבער דאָס האָט געדויערט זייער קורץ. פונקט ווי דער גרעסטער טייל יונגע און אלטע וועבער, האָט ער זיך יאָרן לאנג ארומגעדרייט אָן ארבעט. איצט זעט ער אויס אזא חשובער, געזעצטער מענטש — א גאנצער פריץ, ווי מען פלעגט דאָס אמאָל זאָגן אויף אזא איינעם. קיין ארבעטלאָזיקייט זעט מען אויף אים נישט אָן.

ביידע האָבן זיך דערקענט און ביידע האָבן זיך פאַרשעמט. זיי האָבן זיך געגעבן די הענט, און דער יונגער שאיע האָט אראָפּגעבויגן דעם קאָפּ און זיך געלאָזט קושן פונעם אלטן אין שטערן אריין, ווי פון א טאטן. די מענטשן, וואָס זענען געשטאנען ארום, האָבן איז אָנהייבס טאקע נישט געוווסט, צי דאָ האָבן זיך געטראָפן א טאטע מיט א זון, צי בלויז נאָענטע באקאנטע, וואָרעם פון דעם, וואָס די צוויי האָבן געערעדט צו זיך, האָט מען גאָרנישט געקאָנט דערגיין.

ביי ביידן האָבן זיך אין די העלדזער געשטעלט גאנצע קנוילן מיט איבער־לעבונגען.

א לענגערע ווײַלע זענען זיי אזוי געשטאנען אנטקעגן זיך און געשוויגן. ענדלעך האָט זיך שאיע אָנגערופן:

— הבר מענדעלעוויטש, איר וועט דעם שבת זיין אונדזער גאסט. אונדזער קאָאָפּעראַטיוו אָרדנט איין א שמחה צום פערטן יאָרטאָג פון זיין עקזיסטענץ. אין נאָמען פון א סך אייערע חברים פאַרבעט איך אייך אויף דער פייערונג. איר וועט שבת אריבערקומען אין שטעטל־אריין — ס'וועט פאַר אונדז זיין א טאָפּעלטע שמחה.

מענדעלעוויטש האָט מיט אן אומבאַוועגלעכן בליק געקוקט שאיען אין פנים אריין. ער האָט גלייך פאַרשטאנען, אז לייזער־משה דעם וועבערס יינגל איז אוודאי איצט דער גאנצער פירער פון קאָאָפּעראַטיוו.

און ווי אָנבינדנדיק צו דעם דאָזיקן געדאנק זיינעם, האָט ער אומדרייסט א פרעג געטאָן:

— אָבער זאָג מיר נאָר, שאיע, און... קאָנען פונוואַנען? ביי דיין מאמ־ לייזער משה, וואָס האָט זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן מיט א שטיקל חלה אויף שבת, האָסטו דאָס זיכער נישט צוגעזען, ער האָט דיך זיכער נישט אויסגעלערנט אָנפירן מיט אזא פאבריק.

— אז מען דארף, קאָן מען שוין, חבר מענדעלעוויטש. איר ווייסט, ווען איך בין געגאַנגען טויזנט קילאָמעטער מיט מיליטער אויף בערלין, האָב איך אויך נישט געוווּסט, צי איך וועל קאָנען. מיין טאטע לייזער משה, וועלכער האָט די גאַנצע יאָרן בלויז מארשירט איבער די היגע גאסן צו געפינען א ביסל ארבעט, האָט מיך דאָס נישט אויסגעלערנט.

ווי לאַנג שאיע איז דעם אָוונט נאָך דאָ געווען, האָט אים מענדעלעוויטש גע־ האַלטן אין איין אויספרעגן וועגן שטעטל, וועגן די מענטשן, וואָס האָבן זיך דאָרט צוריק באַזעצט. ער איז א גאַנצן אָוונט געווען אזוי צערודערט, אז ווען שאיע איז שוין געהאַט אוועקגעגאַנגען, האָט ער זיך נישט געקאָנט שענקען, וואָס ער האָט פארגעסן זיך צו פרעגן וועגן די שעראַמעס, צי די קעטעס זענען גע־ שוירן אויף האַנט־שעראַמעס, צי אויף מעכאַניזירטע מאַשינען. ער האָט אויך צומאָל נישט געפרעגט, צי די שטולן זענען האַנט־שטולן, אָדער אַלע גייען אויף קראַפט.

## קאַפּיטל נײַן

### I

מענדעלעוויטש איז אָנגעקומען אין שטעטל, ווען עס האָט שוין גענומען טונקל ווערן. דער טאָג וואָלט שוין אפשר געווען איינגאַנצן פארשוווּנדן, נאָר דער שניי איז געפאַלן אזוי געדיכט און האָט געוואָרפן אזא ווייסע שיין, אז ער האָט נאָך אויפגעהאַלטן די העלקייט פון טאָג.

די שניי־שטערנדלעך זענען געווען טרוקן און געפאַלן לייכט, שטיל, נישט באַ־ וויגן דורך קיין שום ווינט, אז מענדעלעוויטש האָט זיי כמעט נישט געפילט. זיי ווייסע פליטערלעך האָבן זיך איינס נאָכן צווייטן געזעצט אויף זיינע וואָנצעס, אויף די קלאַפּעס פון מאַנטל און זענען דאָרט געוואָרן איינגעזאַפּט. איינס איז פארשוווּנדן און אויף דעם אָרט האָבן זיך באַלד געזעצט צענדליקער אַנדערע. אז ס'האָט זיך נאָר אָפּגעדעקט א שטיקל טונקלקייט פון דער קלאַפּע, איז עס באַלד באַפאַלן געוואָרן פון א גאַנצע משאטע שנייעלעך און עס באַהאַלטן הינטער

זיך. די, וואָס האָבן זיך געזעצט אויף זיין באָק, אָדער אויף די ברעמען, האָבן איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ קוים פילבאַרע פייכטקייט, אַפילו אין עטוואָס וואַרעמע.

מענדעלעוויטש האָט אויף אַלעם געקוקט ווי דורך אַ צעווייגטן פאָרהאַנג. ער האָט די שטאָט נישט געזען אין איר נאַטירלעכן קאָליר, נאָר אַ באַפּוצטע מיט ווייסקייט. די הייזער זענען געווען באַצירט מיט אַ ווייסער אָרנאַמענטיק, די פענצ־טער — מיט ווייסע ראַמען. אויב ערגעץ איז געווען אַ חורבה, האָט זי אין איר ווייס באַפּוצעכץ אויך אויסגעזען יום־טובדיק. דאָס אָרט, וווּ עס האָט געפעלט אַ הויז, איז געווען באַדעקט מיט אַ ווייסן טעפּיך.

ביסלעכווייז זענען די שניי־פּלימערלעך געוואָרן שיטערער, ביז זיי האָבן אינגאַנצן אויפגעהערט צו פאַלן. די נאַכט האָט זיך שנעל אָנגערוקט. די גאַסן זענען נישט געווען שטאַרק באַלויכטן, אָבער פאַר מענדעלעוויטשעס אויגן האָבן אָנגעשטאָט די שנייעלעך געגומען מיניען פונדערווייטנס טויזנטער פייערלעך פון באַלויכטענע פענצטער. גאַנצע ווענט מיט אַזעלכע פענצטער, צו פופציק און אַפילו זעכציק אין אַ ברייט און אייין שורה איבער דער צווייטער אין עטלעכע שטאָק, האָבן אַהער געשיינט פון אַ סך פונקטן פון דער שטאָט. אַרומקוקנדיק זיך אין אַלע זייטן און זעענדיק דאָס, וואָס איז אים אַממייננסטן געפאַלן אין די אויגן אַריין, האָט זיך מענדעלעוויטשן אויסגעוויזן, אַז די גאַנצע שטאָט איז אַרומ־גערינגלט מיט אַזעלכע הויכע מויערן, פול באַזעצטע מיט לייכטנדיקע פענצטער — די גאַנצע שטאָט איז אויסגעשטערנט מיט זיי. נאָר דאָס איז געווען נישט מער ווי דער ערשטער אייַנדרוק. ווי אַ מענטש, וואָס האָט געהאַט געוווינט אין דער שטאָט צענדליקער יאָרן, פון קינדווייז אָן, האָט ער זיך באַלד דערמאָנט די אַלע פאַבריקן, פון וועלכע די פענצטער לייכטן אַרויס. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, אויף וועלכן אָרט יעדע פאַבריק שטייט, און אין געדאַנק האָט ער זיי אַפילו אָנגע־רופן לויט די נעמען פון די פאַבריקאַנטן, צו וועלכע זיי האָבן געהאַט געהערט.

צוקומענדיק נענטער צו אַזאַ פאַבריק, האָט ער דורך די פענצטער געזען אינעווייניק אין די זאַלן גאַנצע שנורן לאָמפּן. זיי זענען געהאָנגען אויף די סוף־פיטן פון יעדן שטאָק. ער האָט פון דעם דערפילט אַ שטאַרקע היימלעכקייט. מענ־דעלעוויטש געדענקט נישט, ווען אין די פאַבריקן זאָלן האָבן געברענט אַלע לאָמפּן, עס זאָל געווען זיין ליכטיק אין אַלע פענצטער.

אין די צייטן, פון ווען ער געדענקט זיי, זענען מערסטנס גאַנצע טיילן פון זיי געווען פינצטער. זייער אָפט האָט זיך דאָס ליכט אין די פענצטער געביטן. אַמאָל האָט מען עס געזען בלויז אין די פענצטער פון איין שטאָק, אַמאָל פון אַ צווייטן, אין אַנדערע טעג האָט געלויכטן בלויז אַ טייל פון אַ שטאָק. די פאַבריק איז געווען אַ געמיש פון פינצטערע און ליכטיקע פענצטער. יעדע פאָר טאָג האָט

זיך דאָס ליכט און די פינצטערניש איבערגעוואָרפן פון איין אָרט אויפן צווייטן און מע האָט געזען, ווי די פאבריק וואַקסט.

די פינצטערע פענצטער, וואָס פלעגן ביינאכט אין די טויזנטער בלינד ארויס־קוקן פון די רויט־ציגלענע מויערן, האָבן אָנגעוואָרפן א גרויל אויף דער שטאָט. אין די פאבריקן גופא האָבן אפילו די ארבעטער, וואָס זענען געשטאַנען ביי די באלויכטענע ווארשטאטן, זיך געפילט אומהיימלעך פון דער פינצטערניש, וואָס האָט געלויערט פון די אנדערע טיילן זאל. א נישט אָנגעצונדענע לאָמפּ איבער א ווארשטאט האָט געהייסן נישט בלויז, אז דער ווארשטאט ארבעט נישט, נאָר אויך, אז ביי דעם ארבעטער אין שטוב איז א קאלטער אויוון, א ליידיקע קיך און א פינצטערער אומעט. און אויך דער, וואָס האָט געארבעט, איז געשטאַנען מיט דעם געפיל, אז א ליארדע טאָג קאָן די לאָמפּ איבער זיין ווארשטאט זיך אויסלעשן.

מענדעלעוויטש האָט דאָס אלץ גוט געדענקט, און ער האָט זיך נישט געקאָנט זאט אָנקוקן אויף די אלע לייכטנדיקע פענצטער. אין אלע פאבריקן ברענען זיי אין פולן קאָמפּלעט. און יעדע לייכטנדיקע לאָמפּ איבער א ווארשטאט איז דאָך א געמיטלעכע, ליכטיקע היים, א ווארעמע קיך און א זאטער טיש. ער וואָלט גע־וועזן א בעלן אָפּצוציילן די אלע פענצטער אין די פאבריקן, וואָלט ער געקאָנט וויסן, וויפל ווארעמע היימען עס זענען פאראן אין דער שטאָט, אָבער — צי לאָזן זיך איבערציילן די שטערן אויפן הימל?

## II

ער איז ארומגעגאַנגען די פאבריקן פון אלע זייטן און מיט אן אונטערגע־הויבענעם קאָפּ ארויפגעקוקט אין די פענצטער אריין. אוועקגייענדיק פון איין פאבריק, איז ער צו צו א צווייטער. מיט אזא זשעדנעקייט פלעגן אמאָל ארייַנקוקן אין די פענצטער אלע ארבעטער פון דער שטאָט. אָבער דעמלט האָט מען אָפּגע־ווארט, אויסגעקוקט, אז אין א פענצטער זאָל זיך אָנצינדן ליכט, ווי אבערגלויבע־רישע מענטשן פלעגן אויסקוקן אויפן הימל א פאלנדיקן שטערן, ביי וועלכן מען קאָן זיך ווינטשן גליק... מענדעלעוויטשן האָט זיך געדאכט, אז דער טרוים פון אלע יאָרן, די לאנגיעריקע בליקן פון טויזנטער אויגן, גארנדיקע נאָך ליכט, האָט דאָס דאָזיקע ליכט ארויסגערופן.

ער האָט ארייַנגעקוקט דורך א פענצטער פון פארטער און נישט געקאָנט אָפּרייסן די בליקן פון די אימפּעטיקע, אָבער רעגלמעסיקע באוועגונגען פון די מעכאַנישע וועב־ווארשטאטן. דאָס ליכט פון אינעווייניק איז געפאלן אויף זיין פּנים. ער האָט מיט דער פלייצע דערפילט, אז הינטער אים דערנענטערן זיך מענטשן. זיי האָבן גערעדט שטיל, אָבער נישט סודותדיק, און זענען צוגעקומען

מיט דרייסטע טריט. איינער האָט זיך אים געשטעלט פאַרן פּנים און באַלד א זאָג געטאָן צו עמעצן, וואָס איז געשטאַנען דערנעבן:

— דאָס איז ער דאָך טאַקע, זעסט, איך האָב אים באַלד דערקאָנט.

— גוט ג'אָוונט, חבר מענדעלעוויטש, — האָבן צוויי מענטשן מיטאמאָל אים דערלאַנגט העַנט, — ווו זענט איר? מיר זוכן דאָך אייך שוין אַרום א גאַנצע שעה... ביי וועלכער סטאַציע זענט איר אַראָפּגעגאַנגען?

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די יונגעלייט האָבן אים אָפּגעוואַרט אין צענ־טער שטאָט, און ער איז אַראָפּגעגאַנגען אויף א סטאַציע פריער. ווען ער האָט נאָר דערזען די הייזער פון דער שטאָט, האָט ער שוין גישט געקאָנט איינזיצן אויפן טראַמוויי און איז אַראָפּגעגאַנגען. אגב האָט ער זיך נישט געריכט, אַז עמעצער וואַרט ערגעץ אויף אים.

מענדעלעוויטש האָט די צוויי יונגעלייט נישט דערקענט; הגם זיי האָבן אים דערמאָנט, ווו זיי האָבן פריער געוווינט, וועמענס זיי זענען. ווען ער וואָלט געווען שטאַרק אָנגעשטרענגט דעם זכרון, וואָלט ער זיך אפשר יאָ עפּעס דערמאָנט, נאָר אַז ער איז אַריינגעקומען אין דער היימישער לופט פון זיין שטאָט, ווו ער האָט געזען אַזויפיל זאַכן, וואָס זענען אים געווען אי באַקאַנט פון אַמאָל, אי אומ־געריכט אַנדערש, ווי ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, — האָט דאָס אים אינגאַנצן צערודערט.

ער איז א שווייגנדיקער געגאַנגען אינדערמיט צווישן די יונגעלייט, ווייסנדיק, אַז זיי פירן אים אויף דעם אָרט, ווו עס דאַרף פאָרקומען די שמחה. אויפן וועג האָבן זיי אים געפּרוווט דערמאָנען מענטשן פון שטעטל, פון אַמאָל, דערציילן וועגן היינט, נאָר ער האָט זיי אָפּגעענטפערט מיט א וואָרט גלאַט עפּעס צו זאָגן, נישט לאָזנדיק זיך אַרויספירן פון זיינע טראַכטענישן. נאָך א לענגער שווייגן האָבן זיינע באַגלייטער גענומען רעדן וועגן זיין אויסזען, אַז ער האָט זיך עפּעס יאָ געענדערט און נישט געענדערט, כאָטש ער זעט אויס א ביסל געעלטערט, איז ער אָבער אינגאַנצן דער זעלבער — אפילו א בלינדער וואָלט אים אינמיטן דער נאַכט דערקענט. איינער האָט מיטאַמאָל א זאָג געטאָן:

— אפילו די וואָנצעס האָט איר זיך צוריקגעברענגט, אַזוי ווי זיי זענען געווען.

— וואָס זאָגט איר?... האָט מענדעלעוויטש א פאַרטראַכטער געפרעגט.

ערשט אין עטלעכע מינוט אַרום האָט ער זיך דערמאָנט, וואָס מען האָט גערעדט צו אים.

— וואָס זאָגט איר, איך האָב זיך צוריקגעברענגט די וואָנצעס? אוודאי. אַז איך האָב מיטגענומען מיינע וואָנצעס נאָך ראַטנלאַנד פעלט פון זיי קיין האָר

נישט, און פון די אלע מיינע, וואָס איך האָב איבערגעלאָזט דאָרט, איז קיין האָר נישט געבליבן.

די יונגעלייט האָבן זיך איבערגעקוקט און איינער פון זיי האָט, נישט אינ־גאנצן אנטשלאָסן, זיך אָנגערופן:

— איר רעדט דאָך עפּעס מיט אזעלכע ווערטלער, חבר מענדעלעוויטש, — ער האָט דערביי געקוקט דעם צווייטן אין פּנים אריין, צי ער האָט גוט געטאָן, וואָס ער האָט אזוי געזאָגט.

זיי זענען געגאנגען ווייטער און געשוויגן. ערשט ווען זיי האָבן זיך ארייננגע־דרייט אין א צווייטער גאס און אויף זיי איז געפאלן די שיין פון געם עלעקטרישן לאמטערן, האָט מענדעלעוויטש אויסגעדרייט דאָס פּנים צום יונגערמאן, א קוק געטאָן אויף אים א צופרידענער מיט פארגרעסערטע אויגן, ווי ער זאָל אין אים איצט האָבן דערזען א געלעגנהייט צו אנטלויפן פון זיינע געדאַנקען.

— איך רעד מיט ווערטלעך, זאָגסטו? ביסט אפשר גערעכט. איך בין דאָרט געווען מיט איינעם א ייד, האָט ער געהאלטן אין איין זאָגן ווערטלעך. איך האָב זיך אוודאי אָנגעשטעקט פון אים. אבא לעדער הייסט ער, אָבער א קאָפּ האָט ער, זאָג איך דיר, נישט פון לעדער, נאָר פון אייזן. און ער האָט עמעצן עפּעס א זאָג געטאָן, האָט זיך דער קאָפּ אויפגעכאפּט פון שלאָף.

## קאַפּיטל צען

### I

דאָס הויז, אין וועלכן זיי זענען אריינגעגאנגען, איז מענדעלעוויטשן געווען באקאנט. ער האָט געוווסט, וויפל טירן עס זענען פאראן אין דער נידער, וויפל אויבן אויף די טרעפּ און ווי אין יעדער שטוב האָט אויסגעזען. אין הויז איז נישט געווען שטארק באלויכטן, און ער האָט זיך נישט געקאָנט גוט ארומקוקן. אָבער עס האָט אים באלד ארומגעכאפּט דער ריח פון היימישקייט, און ער האָט אזוי זיכער געשפּרייזט איבער די טרעפּ, ווי ער זאָל שוין הייגט דאָ האָבן הונדערט מאָל געגאנגען איבער זיי.

אויבן האָט זיך געעפנט א טיר, און עס האָט פון איר א שיין געטאָן אזא ליכט, ווי א בליץ, וועלכער האָט זיך פאר אים נישט אויסגעלאָשן, וואָרעם ער איז אריינגעגאנגען אין דער שטוב, וו עס איז געווען די ליכטיקייט. עס האָט מענדעלעוויטשן אזש געבלענדט אין די אויגן און אים האָט זיך געדוכט, אז ער

געפינט זיך אין א פּאלאץ. נאָר עפּעס האָט ער דאָ נישט געקאָנט פארשטיין. ער געדענקט, אז אין דעם דאָזיקן הויז זענען געווען בלויז טונקעלע, גרויע שטובן. פונוואנען נעמט זיך דאָ אזא גרויסארטיקער זאל? די ווענט זענען געווען אויסגעמאָלט מיט א שיינעם קאָליר פון איילפּארב, דער סופיט ווייס, ווי געוואשן מיט מילך, און אינדערמיט, א ביסל פארטיפט, זענען געווען איינגעפּאסט גלעזערנע רערן, אין וועלכע עס איז געפאלן א ליכט, וואָס איז פּשוט צו באוואונדערן. עס איז געווען העל, בלוי און ראָז צוזאמען, ווי די זון זאָל דאָ אריינשיינען. דאָס ליכט האָט אויך געוואָרפן אויף דעם גאנצן צימער אזא שיין, אז עס איז שווער געווען צו באַשטימען, וואָס פאר א פאַרב די ווענט האָבן, צי ברוינלעך, צי בלוילעך, צי גאָר און אנדערן קאָליר. אויבן אָן, ארויפצוגיין אויף עטלעכע טרעפּלעך, איז געווען א סצענע. דאָרט זענען די ווענט געווען באהאָנגען מיט רויטן פּליוש און באצירט מיט בילדער, מיט פּאָרטרעטן. אויך דער טיש, וואָס איז דאָרט געשטאנען, איז געווען באַדעקט מיט רויטס.

פון די בסדרדיקע איבעראשונגען דעם הייגטיקן אָוונט האָט זיך מענדעלע־וויטשן אלץ אויסגעמישט. מיט מענטשן, וועלכע ער האָט קיינמאָל נישט געקאָנט, האָט ער זיך באגריסט, ווי מיט באקאנטע, און אויף טייל באקאנטע האָט ער געקוקט, ווי אויף פרעמדע. אוודאי, די באקאנטע זענען דאָך נישט געווען די זעלבע. יינגלעך זענען געוואָרן דערוואקסענע מענטשן, דערוואקסענע האָבן זיך געעלטערט, די מענטשן האָבן נאָר דערמאָנט אין זיך, אָבער זיי זענען נישט געווען אזוי, ווי ער האָט זיי געקאָנט. אויך דאָס ליכט, אין וועלכן זיי האָבן זיך דאָ ארומגעדרייט, האָט אויף זיי געוואָרפן אן אנדערע שיין. באזונדער זענען זיי געווען אנדערש מיט דעם, וואָס אויף זייערע פּנימער האָט זיך נישט אָנגעזען די דערדריקנדיקע מרה־שחורה פון אמאָל, די שווערע דאגות, נאָר זיי האָבן זיך געהאלטן רואיק, געקוקט מיט א באהערשטן, זיכערן בליק פאר זיך.

ער האָט זיך צוביסלעך צערעדט מיט איינעם, מיט א צווייטן, זיי האָבן אים דערמאָנט פארשידענע מענטשן, פארשידענע געשעענישן, און ער איז שנעל היימיש געוואָרן מיט אלעמען.

— זאָגט נאָר, חברה, וואָס פאר א זאל איז דאָס דאָ?

— דאָס איז אונדזער ארבעטער־קלוב.

— אזוי זעט אויס אן ארבעטער־קלוב, אזא ליכטיקייט? — האָט מענדעלע־וויטש נישט געקאָנט באהערשן זיין פארוואונדערונג.

עמעצער האָט א שמייכל געטאָן:

— אזוי זעט טאקע נישט אויס קיין ארבעטער־קלוב. אזוי זעט נאָר אויס אַן אַרבעטער־קלוב פון אַ קליינעם קאָאָפּעראַטיוו אין אַ קליינער שטאָט. און אַן

אמתן ארבעטער=קלוב — דאָדט וואָלט איר ערשט געזען וווּנדער שעבעוווּנדער. הא — האָט ער זיך ארומגעקוקט, אז אנדערע זאָלן דאָס אויך באשטעטיקן.

עס האָט זיך דערהערט א רוף פֿון דער טריבונע צו פֿארנעמען ערטער. צווישן עולם איז געוואָרן א שטיקל צערודערונג. פֿון אלע זייטן האָט מען זיך געלאָזט צו די אויסגעשטעלטע רייען בענקלעך און זיך אוועקגעזעצט. מענדעלעווימש האָט זיך געזעצט אויף א שטול אין א ווייטערדיקער ריי. די געדערדרייען זענען שטילער געוואָרן. עס האָט זיך נאָך געהערט א שעפּטשען, נאָר ווען דער, וואָס איז געשטאנען אויבן אויף דער סצענע הינטערן רויטן טיש, האָט ארויסגעזאָגט די ערשטע ווערטער, האָט עס זיך אינגאנצן איינגעשטילט. מענדעלעוויטש האָט צוערשט דערקאָנט אין קול און דערנאָך שוין אויך אין פּנים, אז דאָס איז שאיע, לייזער=משה דעם וועבערס יינגל. ווייזט אויס, אז זיין קאָפּ טויג נאָך צו עפּעס. באלד דעמלט האָט ער פֿארשטאנען, אז שאיע מוז זיין דער גאנצער אָנפֿירער, דער גאנצער מאכער פֿון קאָאָפּעראטיוו.

שאיע האָט גערעדט געלאַסן, גישט זייער הויך, מיט א גלעטנדיקער ווארעמקייט אין דער שטים. ער האָט באגריסט פֿארשידענע פֿאָרשטייער, פֿון דער פּארטיי, פֿון אינסטיטוציעס, די בעסטע ארבעטער, אָנרופֿנדיק זיי שלאָגלער. ווייטער האָט ער אויסגערופֿן נעמען, פֿארבעטנדיק זיי אין פּרעזידיום. פּלוצלינג האָט מענדעלעווימש אויך דערהערט זיין נאָמען, בפירוש זיין נאָמען און פֿאמיליע, דערביי איז נאָך צוגעגעבן געוואָרן, אז ער איז אן אלטער ארבעטער, א חשובער גאסט. פֿון דעם האָט זיך אים א מיש געטאָן אין קאָפּ. פֿארוואָס קומט אים דאָס דער כבוד, וואָס פֿאר א מחותן איז ער דאָ מיט דעם קאָאָפּעראטיוו, וואָס פֿאר א גוטס האָט ער געטאָן פֿאר אים? ער איז דאָך שוין געווען אויף אזא אָרט, פֿונוואנען מען קומט מער נישט צוריק צו די לעבעדיקע. פֿונדעסטוועגן אז מען רופֿט, דארף מען גיין. ווען די אנדערע פֿארבעטענע און פּרעזידיום זענען צוגעגאנגען צו דער סצענע, האָט ער זיך אייפֿגעשטעלט, ארויפֿגעגאנגען די צוויי הויכע טרעפּלעך און זיך באקווועם אוועקגעזעצט אויף א בענקל הינטערן רויטן טיש.

II

מענדעלעוויטש האָט געקוקט אויף די פּנימער פֿון עולם, געפֿירט דעם בליק פֿון איין מענטש צום אנדערן, פֿון איין ריי צו דער צווייטער, טייל מענטשן האָבן אויף א רגע צוגעבויגן צו זיך די קעפּ און עפּעס זיך אריינגעשושקעט אין די אויערן. לויט דעם אויסדרוק פֿון זייערע פּנימער האָט ער זיך פֿאָרגעשטעלט וועגן וואָס זיי סודען זיך. אמאָל האָט זיך אים אויסגעוויזן, אז יענע האָרט פֿארדריסט, וואָס ער, מענדעלעוויטש, האָט זיך אוועקגעזעצט אזוי אויבן אָן, פֿון אנדערע

פנימער האָט ער ווידער אראָפּגעלייענט צופרידנקייט, וואָס ער, דער אַלטער ארבעטער, דער היגער מאיר דער האנט=שערער, וועלכער איז שוין געהאט פארפאלן געוואָרן, איז איצט צוריקגעקומען.

צוערשט האָט נאָך געהערט אַן אנדערער, דערנאָך האָט שאיע ווידער באַקומען דאָס וואָרט.

מאיר מענדעלעוויטש האָט זיך צוגעהאָרכט מיט אָנגעשפיצטע אויערן, אָבער נישט אַלץ איז אים געגאַנגען אין קאָפּ אריין. דאָס איז געשען דערפאר, וואָס שוין א לענגערע צייט איז זיין בליק געווען צוגעשמידט צו א בילד אויף דער וואַנט, און ער האָט זיך געמוטשט צו דערמאָנען, ווער דאָס איז. באַלד ביים אַריינקומען אין דעם דאָזיקן לאָקאַל האָט זיך אים דאָס בילד געוואָרפן אין די אויגן אריין. דאָס איז געווען א נאָענט, באַקאַנט פּנים, האָט געהאט עפּעס א גרויסן שייכות מיט אים, אָבער ווער איז עס? ער האָט זיך נישט געקאָנט קלאָר מאכן.

דער רעדנער האָט מיט ציפערן און פאקטן פאָרגעשטעלט דעם גאַנג פון קאָאָפּעראַטיוו, ער האָט אָנגעוויזן אויף פעלערן, וואָס דארפן אין הער ווייטערדיקער ארבעט אויסגעמיטן ווערן. דערנאָך האָט ער זיך אומגעקערט אין קורצן צו די קאמפן פון די ארבעטער אמאָל אין שטעטל און ביים אויספיר האָט ער אין א פייערלעכן טאָן פאָרגעלייגט, אז היינט זאָל מען דעם קאָאָפּעראַטיוו אָנרופן אויפן נאָמען פון דעם חבר, וועלכער איז אזוי אלעמען נאָענט, חעם רעוואָלוציאָנער, וואָס איז געפאלן אין קאמף פאר דער ארבעטער=זאך — לייבל פאקין.

מענדעלעוויטש האָט פונקט געקוקט אויף דעם בילד און אין דער רגע, ווען אין זאל האָט א הילך געטאָן דאָס פּאטשן מיט די הענט, האָט זיך אים געדאכט, אז ער האָט לייבלען דערזען א לעבעדיקן.

עס איז דאָס צווי=און=דרייסיקסטע יאָר. לייבל גייט צווישן די ערשטע אין א דעמאָנסטראציע פון דריי טויזנט שטרייקנדיקע ארבעטער. די פּאָליציי שיסט אין די רייען, מענטשן פאלן אין די גאסן, אָבער ער טרעט נישט אָפּ פון פלאץ. זיין יעדעס וואָרט איז א פלאם, וואָס צינדט אָן די מאסן, גיט זיי מוט צו שטיין הארט אין קאמף. שפּעטער האָט מען אים אין א געבונדענעם אין קייטן ארויסגעפירט פון א געסל צווישן די פאבריק=מויערן.

איצט האָט מען דאָ פון לייבלען אראָפּגענומען די קייטן, אים אויפגעבונדן. ער האָט באפרייט די ארבעטער און זיי האָבן אים באפרייט. דאָס ליכט דאָ אין זאל שיינט ארוים פון זיין שיין לעבן.

III

מענדעלעוויטש האָט שוין דאָ אין שטעטל איבערגעווארט דעם זונטיקדיקן טאָג, אז ער זאָל מאָנטיק באלד אין דער פרי קאָנען גיין אָנקוקן דעם קאָאָפעראטיוו. ס'ערשטע איז ער געגאנגען אין דער שערעריי אריין. זי האָט זיך געפונען אין א באזונדערער געביידע מיט א גלעזערנעם דאך. לעדערנע טראנסמיסיע-פאסן זענען געלאָפן אין דער קרום פון דער ערד ביז צום ברעג פון סופיט צו, בלאָזנדיק פון זיך אווארעמען ווינט. מאשינען מיט לאנגע רייען שפינדלען, באזעצטע מיט שפיציקע שפולן, קאנטיקע קרייצן, בייכיקע קאַפסן, האָבן זיך געדרייט אין א ווירבלדיקער שנעלקייט. די שפולן האָבן ביי א פאָדעם געצויגן די א ביסל העכער פארזעצטע ווינדעס מיט אָנגעשטראמטע פאסמעס, וואָס האָבן געמוזט מיטמאכן האָס און אימפעטיקע דרייען. ביי די מאשינען זענען געשטאנען אָדער, בעסער געזאָגט, געגאנגען הין און צוריק יונגע פרויען מיט טיכלעך אויף די קעפ. זייערע ווייסע רייען ציין האָבן ארויסגעשמייכלט, ווי די שפולן ווייסער פאָדעם אויף די רייען שפינדלען. די פרויען האָבן נישט גערירט מיט די אויגן, נאָכשפירנדיק יעדן פאָדעם, יעדעם שפינדל. אַז אַ שפול צי אַ קאַפס האָט זיך פאַרמאטערט און געוואָלט א רגע אָפרוען, האָבן די שנעלע באוועגלעכע פינגער א כאפ געטאָן די פעדעם, פארבונדן, געטאָן א ריס, א דריי, און דאָס שפינדל האָט זיך ווידער אוועקגעלאָזט אין א קאָראָהאָד, וואָרעם מען מוז לויפן, איילן, דער פלאן ווארט, און אנדערע קאָנען נאָך איבעריאָגן. ביי דער גאנצער פארנומענקייט און יאָגעניש האָבן די פרויען געהאט געמיטלעכע, צעשמייכלטע פנימער. דער זאל איז געווען א באקוועמער און לופטיקער און פון די אלע ווינדעס, שפינדלען, טראנסמיסיעס, ווענטילאטאָרן איז פשוט אַרומגעלאָפן א ווארעמער ווינט, דרייענדיק אין זיך קאָלירטע פעדעמלעך, שטויבלעך, הערעלעך, וועלכע האָבן זיך אָפגעזעצט אויף די מאַשינען, אויף די ווייבערישע קאָפ-טיכלעך. דורך דעם גלעזערנעם דאך האָט אריינגעלויכטן א פולער זאל מיט זון. פאר מענדעלעוויטשן האָט אלץ געשווינדלט און גערוישט. דאָ איז געווען אינגאנצן אנדערש, ווי אין די ווארשטאטלעך, וועלכע ער האָט געקענט. דאָרט זענען געשטאנען האנט-שטולן — קלויאקעס, וואָס האָבן לאנגזאם, אָפשטייענדיק געקלאפט, ווי דער דופק ביי א גוסס.

ער האָט אויסגעזוכט א פנים פון אן עלטערן, ערנסטערן מענטש און אים פארטרויליך געפרעגט, ווו עס שטייט דאָ ערגעץ די שעראמע. אפשר איז דאָס א קינדערישע פראגע, האָט ער זיך דעריבער אויסגעהיטן פון דעם יונגווארג — זיי קאָנען אַמאָל לאַכן דערפון. דער אַרבעטער, אַ מענטש מיט אַ ביסל אַ דערשוויצט פנים, מיט מעל אויף די האָר, אז מע האָט נישט געזען, צי זיי זענען

גרוי, צי פון אן אנדערן קאָליר, האָט א רגע גייגעריק געקוקט אויף אים און באלד זיך ווידער פארנומען מיט די קאָלירטע פאסמעס פּאָדעם.

— איר שטייט דאָך ביי איר!

מענדעלעוויטש האָט מיט אומצוטרוי אָפּגעמאָסטן דעם אַרבעטער און געקוקט אויף דער מאַשין, וואָס וויקלט אַרום זיך שטרייפן קאָלירטן פּאָדעם. די מאַשין האָט אויסגעזען, ווי אַ גרויסער ליגנדיקער פאַס, נאָר פּלאַטשיק, אָן אַ בויך. דער פּאַס האָט זיך אַליין געדרייט און אַרויפגענומען אויף זיך איין שיכט פּאָדעם נאָך דער צווייטער, ווערנדיק וואָס אַמאָל מער אָנגעשוואָלן. די פּעדעם, וואָס האָבן זיך געצויגן דורך שפּאַרעס פון ברייטע קאַמען, זענען געקומען פון אַ געשטעל מיט הונדערטער שפּולן. דאָס געשטעל האָט אים ערשט אַרויסגעפירט אויפן געדאַנק, אז דאָס קאָן זיין די שער־מאשין, וואָרעם ביי די האַנט־שעראַמעס זענען די פּעדעם אויך געגאַנגען א ביסל אויף אַזא אופן, נאָר דאָ איז עס איינגאַנצן אַנדערש געבויט.

ער האָט שוין אין ערגעץ נישט אָפּגעטרעטן, נאָר גלייך געגאַנגען צו שאַיען אין קאָנטאָר אַריין. שאַיע איז געזעסן אין אַ גרויסער שטוב, ביי אַ טיש פול מיט פּאַפּירן. יעדע רגע האָט געקלונגען דער טעלעפאָן. מענדעלעוויטש האָט געזען, אַז שאַיעס קאָפּ איז אין צען אַנדערע ערטער, אַחוץ וואָס אינעם בארג פּאַפּירן אויף דעם טיש. פונדעסטוועגן האָט ער זיך נאָך גענומען צייט צו אים, צו מענדעלעוויטשן, גערעדט מיט א פריינדלעכן שמייכל, פרעגנדיק, צי ער האָט שוין אָנגעקוקט דעם קאָאָפּעראַטיוו און וואָס ער זאָגט צו אים. מענדעלעוויטש איז גלייך אַרויס מיט דעם, נאָך וואָס ער איז געקומען.

— אפשר וואָלט איך דאָ געקאָנט קריגן עפּעס צו טאָן?

— עפּעס צו טאָן?... — האָט שאַיע צוזאַמענגעצויגן דעם שטערן, וועלנדיק פאַרטרייבן אַלע אַנדערע געדאַנקען און טראַכטן בלויז וועגן דעם, וואָס מען רעדט צו אים. — צו טאָן איז דאָ אַ סך, נישט נאָר עפּעס. ס'ווענדט זיך נאָר, וואָס איר זאָלט טאָן, וואָס איר וואָלט געקאָנט טאָן?

— נו, כ'מיין, אפשר ביי די שפּולן, צוהעלפן דעם שערער.

מ'האָט באלד געזען, אז דאָס האָט שאַיען געפעלן. זיין פנים איז געוואָרן לעבעדיקער און די אויגן האָבן שנעל אַ לויף געטאָן הין און צוריק, ווי שטענדיק, ווען ער דעצידירט וועגן עפּעס.

— אַ גוטער געדאַנק! דאָס וואָלט מען געקאָנט. מ'קאָן עמיצן אַוועקנעמען ערגעץ אַנדערש און אייך געבן איין זמיאַנע.

# קאַפּיטל עלף

## I

מענדעלעוויטש איז בלויז נאָך איינמאָל געווען אין זקנים־הויז — אָפּצונע־מען די זאכן, וואָס ער האָט דאָרט געהאט. געוווינט האָט ער דערווייל אין א שטיבל ביים קאָאָפּעראטיוו. אין דער צייט פון דער ארבעט איז ער געשטאנען אין דער האלע, אין א געשטעל פון צוויי ראמען, ווי אויפגעשטעלטע האלב־אויסגעשפּרייטע טאָוולען. איבערמיט פון יעדער ראָם זענען געווען אריינגע־שטעלט לייטערלעך מיט דראָטן, און יעדער דראָט איז איבער דער גאנצער ברייט געווען באזעצט מיט שפּולן פארביקן, זיידענעם פאָדעם. ער האָט אויס־געפונען די ברעגן, זיי פארבונדן און צוגעפירט צו דער שער־מאשין.

דער שערער אייזיק שפּאַנער האָט אין ערשטן טאָג כמעט קיין איין וואָרט נישט אויסגערעדט מיט זיין געהילף מאיר מענדעלעוויטש, נאָר בלויז דאָס, וואָס עס איז נייטיק געווען צו דער אַרבעט: ער זאָל אויפשטעקן אַזאַ אָדער אַנדער שפּול, ווייל ער האָט זיך טועה געווען מיט דער פאַרב, אָדער אַז ס'האָט זיך אַ פאָדעם איבערגעריסן. און אויך דאָס האָט ער נישט ארויסגערעדט גלייך, נאָר צוגעוואָרפן עפּעס אַזאַ מורמל, אַז מע האָט זיך געמוזט אָנשטויסן, וואָס ער מיינט. רעדנדיק, האָט ער אויף אים צומאָל נישט קיין בליק געטאָן. מיט די אויגן און פינגער האָט ער זיך נאָר געפּאָרעט ביי די פעדעם, געמייסטרעוועט ביי זיין מאשין, ווייטער איז אים גאָרנישט אָנגעגאַנגען.

מענדעלעוויטש האָט שטאַרק נייטיק געהאַט מיט עמעצן זיך אויסצושמועסן. ער איז געשטאַנען אינעם געשטעל אַרומגערינגלט פון עטלעכע הונדערט שפּולן, עס האָט געוואָרבעט, געראָלט, געזשומעט אַרום אים, אַז אין קאָפּ האָט דערפון גע־רוישט. וואָלט כאָטש געווען מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן. נאָך אַזאַ צייט פון אַרומגיין ליידיק און פון גאַנצע טעג רעדן, איז נישט אַזוי לייכט איינגאַנצן צו פאַרמאַכן דאָס מויל. סיידן ער זאָל רעדן מיט די פעדעם, וואָס הודזשען ווי טויזנטער בינען אַרום אים.

ווען ער האָט זיך אַזוי פאַרטראַכט, האָט זיך דערווייל אַ שפּול אָפּגעשטעלט, ווייל אַ פאָדעם האָט זיך איבערגעריסן. ביז ער האָט אויסגעפונען דעם עק, זענען דערווייל שטיין געבליבן אַנדערע צוויי. און אַז ער האָט שוין צוזאַמענגעבונדן די פעדעם פון די צוויי שפּולן, האָט זיך ערגעץ אָפּגעשטעלט אַ גאַנצע ריי און באַלד דערנאָך אַ צווייטע. טיילמאָל האָט זיך אַפילו אַזוי געמאַכט, אַז אַ העלפט פון אַלע שפּולן זענען געבליבן אומבאַוועגלעך. דאָ האָבן זיך די פעדעם איבער־געריסן, דאָרט האָבן זיי זיך אויסגעלאָזט און די שפּול איז געבליבן א ליידיקע.

מענדעלעוויטש איז געלאָפן מיט די פינגער פון איינער צו דער צווייטער, גע=
צופּט, געזוכט די עקן, אַראָפּגענומען די ליידיקע שפּולן און אויפגעשטעקט פולע.
אָבער וויאַזוי זאָל ער זיך קאָנען מיט אַלע אַן עצה געבן, אַז ער איז נאָר איינער
און זיי אזוי פיל, ער האָט נאָר צען פינגער און זיי, די שפּולן, זענען אין די הונ=
דערטער. אין אַזאַ פאַל האָט אייזיק שפּאַנער, דער מייסטער זיינער, געלאָזט
שטיין זיין מאַשין און צוגעקומען. ער האָט געקוקט מיט אַ שטום פּנים און מענ=
דעלעוויטשן האָט זיך געדאַכט, אַז באַלד וועט ער זיך צעבייזערן: „זייט אַזוי גוט,
רעב ייד, דאָ איז נישט קיין אָרט פאַר אייך. גייט אייך געזונטערהייט, פונוואַנען
איר זענט געקומען. דאָ מאַכט איר נאָר קאַליע און שטערט אַנדערע אין דער
אַרבעט". אָבער שפּאַנער האָט דאָס נישט געזאָגט. ער האָט אַליין אויסגעפונען
די עקן פון די פעדעם און געלאָזט אין גאַנג די שפּולן. דאָס האָט מענדעלע=
וויטשן געקאָסט נאָך מער געזונט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז אין דער שטילקייט
פון יענעמס פּנים ליגט אַ נישט אויסגעלאָדענער כעס. שפּאַנער האָט אים נישט
לאַנג געהאָלפן און ווידער האָבן זיך צערוישט אַלע שפּולן, די פעדעם האָבן זיך
צעזונגען, אַז מענדעלעוויטשן האָט זיך געגלוסט מיטצוזינגען.

אָבער נישט לאַנג זענען זיי געווען אַזוי פריינדלעך צו אים. דאָ האָט זיך
ווידער אַ שפּול איינגעשפּאַרט און געמאַכט פאַרשידענע קונצן. וויפל מאָל ער
האָט זי נאָר געלאָזט אין גאַנג, האָט זי זיך בלויז איין מאָל — צוויי מאָל אַ דריי
געטאָן, אַ ביסל אונטערגעטאַנצט און זיך אָפּגעשטעלט. עס האָט אויסגעזען, ווי
זי זאָל זיך רייצן און שטיפן, פאַרהאַלטנדיק אים אויף אַן אָרט, אַז ער זאָל זיך
נישט קאָנען פאַרנעמען מיט די אַנדערע שפּולן, וואָס זענען שטיין געבליבן איי=
נע נאָך דער צווייטער. און אַז אייזיק שפּאַנער איז ווידער צוגעקומען, האָבן
זייערע שטומע אויגן אים געשניטן ווי מעסערס.

## II

נאָך דער זמיאַנע האָט זיך אים אין קאָפּ אַזוי געטומלט, אַז ער האָט פאַרגע=
סן, ווו ער געפינט זיך. ער האָט געטראַכט וואָס צו טאָן. אַ באַקאַנטער פון אַמאָל
האָט אים נאָך נעכטן פאַרבעטן אַריינצוקומען היינט נאָך דער אַרבעט אויף
אָוונט=ברויט. וואָס וועט ער טאָן איינער אַליין אין זיין שטיבל — איז דאָך בע=
סער אָפּצוזיצן עטלעכע שעה צווישן באַקאַנטע. עס האָט זיך אים אָבער איצט
נישט געגלוסט מיט קיינעם צו טרעפן און מיט קיינעם צו רעדן. ער איז ארויס
אין גאַס זיך אַ ביסל דורכצושפּאַצירן. פאַרבייגייענדיק פאַר אַ געוועלב, ווו אין
גרויסן פענצטער זענען אויף אַ בלוי=געפאַרבטן גלעזערנעם טאַוול מיט געדרוקטע
ווערטער געווען אויסגערעכנט, וואָס פאַרא מילכיקע שפּייזן און געטראַנקען מען

קאָן דאָ באַקומען. איז ער אַריינגעגאַנגען. אַזאַ שטייגער געוועלב געדענקט ער נישט, אַז דאָ אין שטעטל זאָל האָבן געווען. אינעווייניק אין געוועלב איז אַלץ געווען געפאַרבט אויף ווייס און גרינלעך־בלוי, וואָס האָט געשאַפן אַ ריינע, קילע לופט. ער איז געזעסן ביי א טישל מיט אַ מאַרמאָרנער פּליטע און פון אַ הויך שמאָל טעפּל געזופּט הייסע מילך.

כאָטש דער טאָג אַרבעט איז געווען פאַר אים אַ שווערער, פונדעסטוועגן האָט ער זיך איצט דערפילט אַ דערלייכטערטער, אַ באַרואיקטער. ער האָט שוין לאַנג נישט געהאַט הינטער זיך אַזאַ טאָג, וואָס זאָל אים ביי זיך אַליין מאַכן אַזוי חשוב, אַזוי שטאָלץ. ער ווייסט נישט, וויפל ער האָט היינט פאַרדינט, זיכער נישט קיין סך, ווייל עס איז אים שלעכט געגאַנגען, אָבער ער האָט זיך דאָך אַליין אויסגעאַרבעט אויף דעם טעפּל מילך מיט די פּאָר זעמל. גלייך מיט אַלע מענטשן, וואָס אַרבעטן, האָט ער היינט געשאַפן עפּעס נוצלעכס. מיט אַ לאַנג־זאַמען טראָט איז ער אַהיימגעגאַנגען צו זיך אין שטיבל. ער האָט ווידעראַמאָל אַרומגעקוקט, וויאַזוי דאָס שטיבל איז איינגעאָרדנט, און עס האָט אים א הנאה געטאָן, וואָס עמעצער האָט אַזוי געזאָרגט פאַר אים. דאָס האָט דאָך געטאָן דער קאָמיטעט ביים קאָאָפּעראַטיוו — ער געדענקט שוין אַליין נישט, ווי מען רופט אים דעם דאָזיקן קאָמיטעט, דאַכט זיך: פאַריינס־ראָט. ער האָט באַטראַכט, וואָס עס איז דאָ נאָך נייטיק איינצואָרדענען, און דערנאָך האָט ער נישט גע־וואָלט זיך געלייגט אין בעט אַריין.

אינמיטן דער נאַכט, אָפּשלאָפנדיק שוין אַ פינף־זעקס שעה, האָט ער זיך פּלוצלינג געגעבן אַ כאַפּ אויף. אין דער פינצטער האָט ער אין דער ערשטער רגע זיך נישט געקאָנט קלאָר מאַכן, צי ער ליגט אין בעט, צי ער געפינט זיך אין דער ראָם צווישן די שפּולן. אָבער דאָס אויפכאַפּן זיך איז זיכער געווען פון דעם, וואָס אַלע שפּולן זענען שטיין געבליבן, און ער האָט זיך נישט געקאָנט אַליין קיין עצה געבן צו לאָזן זיי אין גאַנג.

## III

ער האָט ליגנדיק אין בעט לאַנג אַרומגעטראַכט זיין לאַגע. עס האָט זיך אַפילו אין אים אַריינגעכאַפּט אַ ספק, צי ער זאָל אין דער פרי צוריקגיין צו דער אַרבעט. אפשר זאָל ער אַלץ לאָזן אַזוי ווי עס גייט און שטייט און צוריקפאָרן אַהיין, ווו ער איז געווען ביז איצט? ווען ער זאָל אַרבעטן אַליין, פון קיינעם נישט אָנבאַלאַנגט, וואָלט ער זיך ואפשר אַן עצה געגעבן. עס וואָלט געדויערט אַ ביסל לענגער, אָבער דאָס זייניקע וואָלט ער געמאַכט. די אַרבעט איז אים גאָרנישט אַזוי שווער. נאָר, אַז דער אייזיק שפּאַנער קומט צו מיט זיין אייזיק־

קאַלט פּנים, קאָן ער דאָס נישט פאַרטראָגן. ער האָט אים נאָך, וואָס אַן אמת, קיין איין בייז וואָרט נישט געזאָגט, אָבער אַ פּנים איז ליב צו זען אַ פריינדלעכס. און אפשר ליגט בלויז אויף זיין פּנים אַזאַ ערנסטקייט, אַזאַ זאָרג, אפשר האָט ער זיך זיינע קלאָפּאָטן?

איינמיטן האָט ער זיך געגעבן אַ זעץ אויף, ווי ער זאָל זיך מיט עמעצן קריגן. גייען, ער איז נישט אַלט! ביי אַזעלכע יאָרן הייסט מען נישט אַלט! זיין טאַטע האָט ביי זעכציק יאָר געגעבן אַ הייב אויף אַ בוים מיט דער קעטע, ווי אַ יונגערמאַן. הלוואַי וואָלט ער נאָר געהאַט אַזויפיל קעטעס אויפצוהייבן. ער, זיין זון מאיר, קאָן דאָס טון נישט ערגער. און דאָס, וואָס ביז אַהער האָט ער אַזוי נישט געטאָן, וואָס ער איז דעמלט אוועק אין זקנים־הויז, דאָס איז נאָר געווען אַזאַ צייט ביי אים. דער קאָפּ האָט זיך אים געהאַט פאַרדרייט, אַז ער האָט אליין נישט געוווּסט, וואָס ער טוט. ער האָט דעמלט פאַרבלאָנדזשעט. ער האָט געדאַרפט גיין ערגעץ אַנדערש, האָט ער דאָרט אהין פאַרבלאָנדזשעט. אין טאַשקענט, ווו ער איז געווען מלחמה־צייט, האָט ער שוין געוווּסט, וואָס די היטלעריסטן האָבן געטאָן, דאָרט האָט ער איבערגעלעבט דעם אומקום פון זיין משפּחה. דערנאָך איז ער פונדעסטוועגן אהערגעקומען זיי זוכן, ער האָט זיך דאָך געוואָלט געפינען, די משפּחה־זייגע. זעענדיק, אַז זיי זענען טאַקע נישטאָ, האָט דאָס אים געגעבן אַזאַ קלאַפּ איבערן קאָפּ. ער האָט נישט געהאַט דעם כּוח זיך דאָס אליין קלאָר צו מאַכן, זיך צו נעמען אין די הענט אריין, און ער האָט פאַרבלאָנדזשעט. איצט האָט ער צוריקגעפונען דעם וועג, ווו ער איז נעכטן געווען, און צו דער ראָש מיט די שפּילן. ער וועט זיך פון קיינעם נישט לאָזן פון דאָרט אוועקטרייבן.

צי ער איז נאָך איינגעשלאָפן, צי נישט, האָט מענדלעוויטש אליין נישט געוווּסט. ער האָט נאָר געזען, ווי דער הימל ווערט גרויער, די נאַכט אויף די שויבן דינער, העלער, און כאָטש אין די אויגן האָט אים געשטאָכן פון צו ווייניק שלאָפן, האָט ער אָבער דערפילט עפּעס אַ שטאַרקע פרייד. פון דעם זענען אים אויך די אויגן דערנאָך געוואָרן וואַכער, ליכטיקער.

IV

ער האָט זיך אָנגעטאָן שנעל, מיט אַ היירעוודיקייט אַ סך יינגערער און געשיקטערער ווי ביז איצט. ווען ער איז שוין געווען אינגאַנצן פאַרטיק, איז אים נאָך געבליבן אַן אַנדערטהאַלבן שעה צייט צו גיין צו דער אַרבעט, אָבער ער האָט נישט געהאַט קיין געדולד אַזוי לאַנג צו וואַרטן. ער האָט זיך שוין געהאַט צוגעגרייט אַ גאַנצן פּלאַן, צוליב וועלכן ער האָט סייווי געמוזט דאָרט זיין פריער. פאַרן אָנהייב פון דער אַרבעט וועט ער זיך צוגרייטן די שפּולן, אַדורכזען, צי

זיי זענען גלאטיק, צי זיי האָבן נישט קיין צווײַפֿלען, קיין הויקערס, צי די ווענט־לעך זענען נישט בראָפּעוואַטע, ביי וואָס די פּעדעם קאָנען זיך פּארטשעפּען. ער וועט זיך אויך אָנגרייטן אויף זאפּאס, אייב איינע וועט נישט טויגן, זאָל ער באלד האָבן אונטער דער האנט א צווייטע, און די קאליעדיקע וועט ער פּאררירכטן, ווען אלץ וועט גוט גיין, אָדער בעתן איבעררייס. די שפּולן וועט ער אויך ארויפשטעלן אויף קעסטלעך, וואָס שטייען דאָ אומעטום ארום, אז ער זאָל זיך נישט דארפן יעדעס מאָל אראָפּבייגן צום קויש זיי ארויסצונעמען. ער וועט זיך אזוי איינ־שטעלן די ארבעט, אז נישט שפּאנער וועט אים דארפן צוהעלפן, נאָר ער וועט נאָך אפּירגיין פון דעם ראם, ווען אלע פּעדעם וועלן גיין, און צוהעלפן שפּאנערן ביי זיין שער־מאשין. ער וועט די קונץ זיך אויך נאָך אויסלערנען. מען דארף געבן דאָ א דריי, דאָרט א שלעפּ און זי גייט אליין, אז מע האָט בלויז א פּאר־געניגן פון קוקן אויף איר.

דורך די גרויסע שויבן פון די פענצטער, וואָס האָבן פארנומען כמעט דעם גאנצן סופיט, איז ארייַנגעפאלן אזויפיל ליכט, אז נאָך באלד ביי דער טיר האָט מענדעלעוויטש געזען די אלע קאסטנס, זעק און אָנגעוואָרפענע בערג מיט שפּולן, קרייצן און קאפּסן גארן. בלויז צוליב די רייען מאשינען, וואָס זענען דאָ געווען זייער א סך, האָט ער נישט געקאָנט זען, וואָס טוט זיך אין די ווינקעלעך. פון דעם גארן און מאשינען האָט אים אנטקעגנגעשלאָגן א ריח, וואָס איז אים נאָך געווען באקאנט פון די יונגע יאָרן. אין יעדן מענטש רופט טיילמאָל א ריח ארויס א בענקעניש, פּונקט ווי דאָס דערמאָנען זיך אין א באליבטן מענטש, אָדער אין א נאָענט איינגעלעבט אָרט. די ריחות דאָ זענען מענדעלעוויטשן געווען אזוי ליב, ווי די גוטע, פרילינגדיקע ריחות אין א גאָרטן פון בלומען. די בענקעניש נאָך ארבעט איז ביי אים שטענדיק געווען פארבונדן מיט דעם ריח פון גארן און שמיר־אייל פון מאשינען.

צוערשט האָט מענדעלעוויטש געמיינט, אז ער איז דאָ איינער אליין און איז גלייך צוגעגאנגען צו זיין ראם. נאָר אין גאנג נאָך האָט ער דערזען, ווי נישט ווייט פון פענצטער ביי דער אַנטקעגנאיבערדיקער וואנט, דאָרט, וווּ עס איז אַ ביסל מער פרייער פּלאץ, איז געווען פארזאמלט א גרעסערע גרופּע מענטשן. זיי זענען געזעסן אויף די קאסטנס, געשטאנען אָנגעלענט אָן די קאנטן פון מאשינען, מערסטנס זענען דאָס געווען די יונגע ארבעטערינס פון דער אָפּטיילונג דאָ, וואָס ער האָט געכטן געזען ארבעטן ביי די טרייב־ און קרייץ־מאשינען. מיטאמאָל האָט ער דאָרט אויך באמערקט זיין מייסטער און עס האָט א שווינדל געטאָן אין קאָפּ. עס איז פאר אים נישט געווען קיין שום ספק, אז שפּאנער האָט דאָרט עפּעס אָנגעדרייט קעגן אים. אָבער ער דארף דאָך פון גאָרנישט וויסן, עס איז דאָך נישט זיין זאך, וואָס מענטשן רעדן דאָרט, און ער האָט אָנגעהויבן טאָן דאָס זייניקע.

פלוצלינג איז פון א שמאָל װעגל צװישן צװײ רײען טרײב־מאַשינען אַרױסגע־קומען, ריכטיקער געזאָגט, אַרױסגעשפּרונגען אײנע פון די פּראָזאַמלטע.

— גוט־מאָרגן, זײדעשי, מיר האָבן ערשט געהערט װעגן אײַך אויף דער באראטונג פון אונדזער זמפּ־אָרגאַניזאַציע. מיר האָבן באַשלאָסן אײַך צוצו־העלפן, ביז איר װעט זיך צוריק צוגעװױנען צו דער אַרבעט.

דאָס איז געװען אַ יונג מײדל פון אַ יאָר צװאַנציק. פון אירע אויגן האָט אַרױסגעפלעמלט פונקט אַזאַ בלויקײט, װי פון די בלומען אויף איר קלײדל.

— װער, זאָגסטו, האָט באַשלאָסן?

— אונדזער זמפּ־אָרגאַניזאַציע.

אין דעם בליק פון דעם מײדל איז געלעגן אַזאַ ערלעכקײט און ליבלעכקײט און אירע צײן זענען געװען אַזעלכע װײסע און צעשמײכלטע, אַז ס'האָט אים אַ שטאַרקע הנאה געטאָן, װאָס דורך זײ איז אַרױסגעזאָגט געװאָרן דאָס װאָרט „זײדעשי". ער האָט איר געענטפערט מיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ און אויך אַרױס־געבערענגט אויף די װאָנצעס אַ לײכט, צופרידן שמײכעלע.

שטײענדיק שוין בײַ דער אַרבעט, האָבן זיך אים כסדר אין קאָפּ געמישט די װערטער װעגן צוהעלפן אים. אַ גאַנצע אָרגאַניזאַציע גאָר װיל אים צוהעלפן. אָבער דאָס װעט מען ערשט זען, צי מען װעט אים דאַרפן צוהעלפן, צי ניט.

V

מענדעלעװיטש האָט זיך טאַקע גאַנץ גוט אײַנגעאָרדנט. ער האָט זיך צוגע־גרייט פינקטלעך, מיט אַ סדר, געזען, אַז אַלץ זאָל אים ליגן אונטער דער האַנט. די ערשטע פּאָר שעה האָט נאָך אַלץ אַזױ געשפּילט. די מײדלעך, שוין מיט אָנגע־טוענע טיכלעך אויף די קעפּ, װײסע און געבלימלטע, האָבן פון זײערע מאַשינען צוגעשריגן:

— זײדעשי, װאָס הערט זיך?

— זײדעשי, מען דאַרף צוקומען?

— זײדעשי, העלפן דאַרף מען ניט?

יעדע מינוט האָט אַן אַנדערע שטימע גערופן „זײדעשי". ער האָט שוין אַלײן ניט געװוסט, װיפל אײניקלעך ער האָט שוין דאָ. און ער האָט צוריקגעענט־פערט:

— דערװײַל ניט.

— דערװײַל ניט.

ניט אָװעקנעמענדיק די אויגן פון דער אַרבעט, האָט ער אויך געקאָנט אַהינשרײַען צו זײ:

— אפשר דאַרף מען דיר דאָרט צוהעלפן?

די מיידלעך, פון וועלכע עס איז באשטאנען די גאנצע יוגנט דאָ אין דער אָפּטיילונג, האָבן אויף זייער באראטונג געהאט באשלאָסן, אז יעדע שעה זאָל אן אנדערע נעמען די אויפזיכט איבער מענדעלעוויטשעס ארבעט. זי וועט, פאַרשטייט זיך, נישט פארלאָזן איר מאשין, נאָר פון צייט צו צייט כאַפּן אַ בליק צו אים. אויב עס וועט זיין נייטיק צוצוהעלפן, וועט זי פארהיטן ביי איר מאשין די נאָענטסטע שכנטע, כדי אויך די ארבעט זאָל נישט לײַדן. עס האָט זיך געהאנדלט אין דעם, וואָס די נאָרמע פונעם שערער אייזיק שפּאנער, וועלכער איז געווען דער ערשטער שלאָגלער אין קאָאָפּעראַטיוו, איז געווען באדראָט. אָבער די יונגע ארבעטערינס איז אין זייער אַ קלײנער מאָס אויסגעקומען אויסצופירן זייער באשלוס. ערשט אין דער לעצטער שעה פאַרן איבערייס האָבן צוויי פון זיי אויף אַ מינוט פארלאָזט זייערע מאשינען, כדי מענדעלעוויטשן צוצוהעלפן. מענדעלעוויטש איז געווען אַ גוטער פאכמאן, ער האָט נאָר געדאַרפט אריין אין גאַנג, צוריק זיך דערמאָנען זײַנע פאַרטלען אין דער ארבעט. דער פאַרמעסט מיט די מיידלעך האָט אים אַרײַנגעפירט אין אַן אַמביציע. וואָס רואיקער ער האָט געארבעט, וואָס ווייניקער כוח ער האָט באנוצט, וואָס מער ער האָט באהערשט זײַנע נערוון, אַלץ בעסער איז אים געגאַנגען. דאָס איז שוין געווען זייער אַן אַלטער כלל.

ווען די מאשינען זענען שטיין געבליבן, דאָס גערויש האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָבן אַלע צוזאַמען זיך אַוועקגעזעצט עסן. מענדעלעוויטש, פילנדיק זיך ווי אַ זיגער, האָט זיך געהאַלטן זייער היימיש. די פּנימער ביי די מיידלעך זענען נישט געווען אַזוי קלאָר, ווי אין דער פרי. זיי זענען געווען באדעקט מיט אַ דינעם מעל, פּונקט ווי זייערע קאָפּ־טיכלעך, די אויגן האָבן היימלעך געגלאַנצט און דאָס רעדן איז געווען זייער לעבעדיק. זיי האָבן אַ סך גערעדט מיט מענדעלעוויטשן, אים געלויבט פאַר זיין יונגן האַלטן זיך, פאַר זיין געשיקטקייט. אַלע האָבן אים פאַרגעלייגט זייערע טעפּלעך צו טרינקען טיי, וואָרעם ער האָט זיין טעפּל נאָכנישט געהאַט. מע האָט אים געפּרוווט מכבד זיין מיט עסן: ווער מיט אַ זעמל, ווער מיט אַ שטיקל קוכן. נאָר ער האָט זיך ארויסגעדרייט מיט אַ וויץ, מיט אַ געלעכטערל. טיי האָט ער זיך יאָ געלאָזט אָנגיסן. דאָס גלאָז האָט ער געגומען ביי קריסטינא גזשעלאַק. דאָס איז געווען די זעלבע, וואָס האָט אין דער פרי די ערשטע גערעדט מיט אים וועגן צוהעלפן. מיט איר איז ער געווען היימישער, ווי מיט די אַלע אנדערע. אַלע האָבן זי גערופן קרישאַ, און ער האָט זי אויך אַזוי גערופן. איצט האָט ער דאָס צוהעלפן שוין פארשטאַנען אינגאנצן אנדערש. זי האָט נישט געמיינט בלויז ביי די שפּולן, נאָר אין אַלעם, וואָס עס וועט נאָר נייטיק זיין.

נאָך דער ארבעט, פּילנדריק זיך זיכערער, אויפגעהייטערטער, האָט ער שוין גאָר אנדערש געקוקט אויף זיין מייסטער. ער האָט איצט אויסגעזען צו האָבן וויניקער יאָרן, ווי ער האָט זיך עס געהאט פאָרגעשטעלט. אז ער האָט נאָר געגעבן א נעם אראָפּ דאָס געשטריקטע קאפּעלע פון קאָפּ, אָפּגעוואשן דאָס פּנים און אויסגעקעמט דעם מעך פון די זייטיקע האָר, וועלכע דאָס קאפּעלע האָט נישט צוגעדעקט, האָט ער באקומען א יונגן, פרישן אויסזען. מענדעלעוויטש האָט געהאט דעם איינדרוק, אז ביי שפּאנערן פעלן די באקציין, דערפון זענען ביי אים די באקן איינגעפאלן, און נישט, ווי ער האָט בחינם געהאט געמיינט, אז דאָס נעמט זיך פון א בייזקייט צו אים.

שפּאנער האָט זיך היינט נישט געאיילט. זיי זענען ביידע געשטאנען מיט עפּעס אזא נישט גערעדטער היימישקייט צווישן זיך, אז עס איז שוין נישט מעג־לעך געווען לענגער צו שווייגן. מענדעלעוויטש איז ארויס דער ערשטער.

— איר זענט שוין לאנג ביים פאך?

שפּאנער איז געוואָרן גוטמוטיק־שטיפעריש.

— ווער?

— איר. אייך מיין איך.

— א, מיך מיינט איר? א, שוין זייער לאנג. נאָך פון דעמלט אָן.

— פון ווען, פון דעמלט?

— נאָך פון דעמלט, ווען די מאמע איז געשטאנען מיט מיר ביי דער וועב־שטול.

— ווען איז דאָס געווען?

— נו דעמלט, ווען כ'האָב געהאלטן ביים קומען אויף דער וועלט. איך האָב געהאט זייער א גוטן קאָפּ צו דער לער, בין איך טאקע ארויסגעקומען א פּארטי־קער באלמעלאָכע.

— אזוי! אזוי! איר האָט דאָס, הייסט עס, איינגעזויגן מיט דער מאמעס מילך?

— איך זאָג דאָך אייך, אז נאָך פריער. און שפּעטער האָט די מאמע מיך געהאלטן אויף איין האנט און געגעבן מיר צו זייגן, און מיט דער צווייטער האָט זי געפירט דעם שיצן. זייער א שיין שפּילעכל דער שיצן, לויפט אהין און צוריק, ווי א דערשראָקן מייזל. גאָר איך האָב בעסער אהינגעקוקט צום טאטן. עס האָט מיר בעסער געפעלן צו קוקן, ווי די שעראמע דרייט זיך. איך האָב זיך געוואָלט אָנכאפּן און מיטדרייען אויף דער קארוזעלע. א גאנץ לעבן האָט די מאמע דאָס פאָרגעהאלטן: „אויף איין האנט שלעפּ אים, — דאָס האָט זי געמיינט נישט בלויז

מיך, נאָר אויך מיינע פיר ברידער, — מיט דער צווייטער טרייב דעם שיצן, מיט די פיס טרעט דאָס ברעט אין דעם קאָפּ צעברעך זיך, אז אויך די דאָזיקע האָרע־וואניע זאָל כאָטש נישט געפעלט ווערן. מיט יעדן אָבער מו עפּעס אנדערש, מוז מען נישט זיין שטארקער פון אייזן!"

— כמעט ווי ביי אונדז, — האָט מענדעלעוויטש א זאָג געטאָן מיט אויפ־געלויכטענע אויגן, ווי ער זאָל אין יענעמס דערציילן האָבן דערזען זיין אייגענע מאמע.

— זענען מיר דאָך אין דער היים! — האָט אייזיק שפּאנער אויסגעשטרעקט א האנט צו זיין געהילף, מענדעלעוויטשן. — שלום עליכם!

— עליכם שלום!

— איך האָב געקאָנט אייער טאטע, כ'קאָן אייך געבן א סימן.

— טאקע? וואָס פאר א סימן? — האָט מענדעלעוויטש זיך דערפרייט, אָבער עפּעס נישט געגלייבט.

— שבת האָט אים געפעלט די חלה צום מעסער.

מענדעלעוויטש האָט נישט געוואָלט ארויסווייזן, אז ער האָט שפּאנערס ווער־טער געהאט גענומען ערנסט און איז איבערגעגאנגען צום זעלבן לייבטן, שטיפע־רישן טאָן:

— און אייערן אויך דאָס זעלבע?

— ניין, ביי אונדז איז געווען גאָר עפּעס אנדערש?

— וואָס א שטיינער?

— ביי אונדז האָבן געפעלט די לאָקשן צום לעפל.

דער מייסטער האָט א שמייכל געטאָן, דאָס פּנים האָט זיך אים געענדערט, געוואָרן ערנסטער. ער האָט א קוק געטאָן אויף מענדעלעוויטשן.

— אָבער נאָכוואָס ערשט אויפזוכן יענע צייטן פון קבר. ער האָט צוגע־בויגן דאָס פּנים צום דרייקאנטיקן פענדל, וואָס איז געשטאנען דערנעבן אויף א שמענדער, א בלאָז געטאָן, און דער גאנצער מעד איז זיך צעפלויגן ארום. די צעוויגטע גאָלדענע פרענזלעך האָבן אויסגעזען ווי זיי זאָלן זיך האָבן צעלאכט.

— איר זאָלט מיר נאָר נישט פארשעמען מיין פענדל, חבר. מאיר הייסט איר, יאָ, חבר?

שוין אנדערהאלבן יאָר האָט ער דאָס און לאָזט עס זיך נישט צונעמען. נאָר נעכטן האָט עס זיך אַ וואקל געטאָן. וואָרעם ביז איצט האָט מען נאָך זיין פּראָ־דוקציע קיין איין טאָג נישט איינגעשריבן ווייניקער ווי צווי הונדערט מיט פופ־ציק פּראָצענט, און נעכטן האָט מען אים איינגעשריבן נאָך ווייניקער ווי הונדערט.

מענדעלעוויטש האָט ערשט איצט פארשטאנען, צו וואָס ער האָט נעכטן געהאט דערפירט, אז ס'איז אים אזש היים געוואָרן.

— אָבער היינט איז נישט געכטן, — האָט שפּאַנער ווייטער געזאָגט, — דער היינטיקער טאָג האָט באַוויזן, אַז אַלץ קאָן זיך ווידער אויסהיילן. אויב עס וועט אייך ווייטער אַזוי גיין, ווי היינט, קאָנט איר ווערן אַ גלייכער שותף צום פענדל. מען מוז עס גוט אָפּהיטן, אַז עס זאָל זיך ווידער נישט אַ וואַקל טאָן.

רעדנדיק אַזוי, זענען זיי אַרויס אין גאַס. מענדעלעוויטש האָט זיך געוווּנדערט קעגן דעם, וואָס שפּאַנער האָט דורכויס געוואָלט, אַז ער זאָל מיט אים אהיימגיין אויף אָנטבּרויט. אפשר ווען ער וואָלט נישט שולדיק געווען קעגן זיין מייסטער מיטן נעכטיקן טאָג... אָבער אַזוי קאָן ער נישט. איצט קאָן ער זיך גאָרנישט פאָרשטעלן, אַז עס זאָל זיין עפּעס אַ ליבערע זאַך אויף דער וועלט, ווי זיין שטיבל, ווי די אייגענע פיר ווענט.

אַרומדרייענדיק זיך שוין שפּעטער אין זיין שטוב, האָט אים ביי אַלעם, וואָס ער האָט געטאָן, באַגלייט אַזאַ אינערלעך געזאַנג: „היינט איז נישט געכטן, היינט איז נישט נעכטן"...

ווען ער איז אין דער פרי געגאַנגען צו דער אַרבעט, האָט ער זיך געפרייט, וואָס ער האָט דאָרט אַזעלכע גוטע פריינד, ווי שפּאַנער און קרישאַ. מיט יעדן טאָג זענען אים צוגעקומען נייע פריינד. ער איז געשטאַנען אין דער ראַם און הונדערטער פאַרביקע פעדעם האָבן זיך געצויגן פאַרביי אים. אין די שעהן, ווען די זון האָט אַריינגעשיינט דורך דעם גלעזערנעם דאַך, זענען די פעדעם געוואָרן נאָך פאַרביקער. מענדעלעוויטש איז אינגאַנצן אַריינגעוועבט אין זייער פילמאָל געקרייצטער נעץ. זיי זענען געפלאָסן גלאַנציק, ציטערנדיק ווי דינינקע פעדעמלעך פרייד. אים האָט זיך געדאַכט, אַז זיי פליסן אַרויס פון אים אַליין, פון זיינע שפּיצן פינגער, אַז זיי ווערן אויסגעשפּינען פון זיין פרייד, וואָס שפּילט אין אים.

# אויסגעשטרעקטע הענט

פאַרטאָג האָט די זון דורכן אָפענעם פענצטער זיך אַריינגעכאַפּט צו שמעונען אין שטוב. פון טיש איז זי אַריבער אויפן בעט און לאַנגזאַם צוגעקראָכן צו שמעונס באָרד. זי האָט אַריינגעקוקט אין זיין האַלב־אָפענעם מויל און באַלד אַ בליץ געטאָן אין די איינגעטיפטע, גרינע אויגן.

שמעון האָט זיך אויפגעזעצט און מיט אַן אָנגעשטרענגטן בליק געקוקט צום פענצטער, פונוואַנען עס האָט אריינגעשיינט עפּעס א האָפענונג.

— זעלדע... זעלדע, אַ שיינער טאָג היינט, האַ!?

— זעסט דאָך די זון שיינט...

— נאָר נישט געזאָרגט זיך, וועסט שוין זען, זעלדע!... — האָט שמעון אַ געשריי געטאָן אַ דערמוטיקטער, נאָר דאָס געשריי האָט אַרויסגעריסן פון אים מער כוח, וויפל ער האָט געהאַט, און דאָס האָט אים צוריק אַנידערגעלייגט. ער האָט אָבער נישט געקאָנט איינליגן און מיט געוואַלד זיך גענומען אָנטאָן. ער האָט שווער געאַרבעט, ביז ער האָט אַרויפגעצויגן די זאָקן אויף די פיס און די ארבל אויף די הענט און לאַנג זיך געפּאָרעט, ביז די טעמפּע שפּיצן פינגער האָבן אַריינבאַקומען די קנעפּלעך אין די לעכער. ער האָט אַפּערגעצויגן פון אונטערן בעט די שטיוול, וואָס זענען געוואָרן האַרט, אויסגעטרוקנט פון לאַנגן שטיין און, באַמיענדיק זיך אַריינצובאַקומען אין זיי די פיס, האָט ער דערשטיקט אין זיך פיל הוסטן און קרעכצן, כדי זעלדען און זיך אַליין אָפּצונאַרן, אַז עס איז נאָך נישט אַזוי שלעכט מיט זיינע כוחות.

דראָבנע קלאַפּנדיק מיט די שווערע שטיוול, האָט ער, אַן איינגעהויקערטער, מיט אַן איינגעפאַלענעם בויך, צוגעדרעפּטשעט צום פענצטער. פון די שויבן פון די קעגנאיבערדיקע פענצטער האָט אַרויסגעשמייכלט די זון. אַ יונג ביימל, וואָס איז מיט עטלעכע הדשים צוריק, איידער ער, שמעון, איז קראַנק געוואָרן, געשטאַנען אַ נאַקעטס, אַ טויטס און געציטערט פון ווינט און קעלט, האָט איצט געאָטעמט מיט א ניי לעבן. די יונגע אויפקוועלנדיקע צווייגן האָבן מיט א קרעפּ־

טיקער שטייפקייט געטראָגן אויף זיך די גרינגע זאַפּטיקע בלעטער, פון צווישן וועלכע עס האָבן ליכטיק אַרויסגעשטערנט מילך־ווייסע קנאָספּן.

שמעון איז אַוועק אין גאַס און צוריקגעקומען מיט אַ קופּערנעם באַלאָן סאָדע־וואַסער, וואָס ער האָט מיט זיין האַנט אונטערגעהאַלטן ביים דנאָ און געדריקט אים צו דער ברוסט. צווישן די פינגער פון דער צווייטער האַנט האָט ער, ווי אַ הינדל ביים האַלדז, געהאַלטן אַ זעקל, פון וועלכן עס האָבן געקאַפּעט און צעשפּריצט זיך אויף דער ערד בלאָטיקע טראָפּנס. ער האָט דאָס זעקעלע אַ וואָרף געטאָן אויף דער ערד, אַראָפּגעשטעלט דעם באַלאָן און אַליין איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ שטול. זעלדע האָט מיט אַ האַנטעך אָפּגעווישט דעם שווייס פון זיין פּנים, און ער, שמעון, האָט אין איין וועגס זי געפּאָרשט, וואָס זי זאָגט עפּעס צו זיין נייער פּרנסה. זי האָט אים אַראָפּגענומען דאָס היטל, אָפּגעווישט די האָר, וואָס זענען, גרויע, שיטערע, געווען צעוואָרפן אויף זיין געלן שאַרבן.

— איך ווייס נישט, וואָס דו טוסט דאָ אויף, שמעון? אַזאַ באַלאָן וואַסער איז דען לייכטער צו שלעפּן, ווי אַ זעק אָדער אַ היבעל? איך ווייס נישט, וויאַזוי דו נעמסט זיך דאָס אונטער...

— דו ביסט טאקע גערעכט, זעלדע, א באלאָן וואסער צו שלעפּן איז שווערער, ווי צו אַרבעטן טישלעריי, ווייל אַ זעג אָדער אַ היבעל, אַז דו ווערסט מיד, נעמסטו אַוועק די האַנט פון דעם און רוסט זיך אָפּ, און אַ באַלאָן, אַז דו האָסט אים אָנגעהאָנגען אויף זיך, ווערסטו נישט אויף יעדן טריט אַראָפּנעמען דעם שפּאַן פון די אַקסלען. אַ גלאָז וואַסער איז אָבער נישט קיין קונץ אָנצוגיסן, קאָנסט גאָרנישט קאַליע מאַכן, און אַ ברעט, אויב דו שנייַדסט נישט גוט אַדורך, קאָנסטו שוין נישט מאַכן פון דעם, וואָס דו ווילסט. אין מיינע הענט ליגט נישט מער דאָס, אַז די טישלער־כלים זאָלן גיין, וווהין די הענט ווילן פירן... און ווידער דאָס איינענע, איך וואָלט שוין נישט געקוקט אויף מיינע כוחות, אָבער ווער וועט מיך צונעמען?... ווער דאַרף האָבן אַזאַ אַלטע, צעבראָכענע כלי, ווען יונגע געזונטע מענטשן דרייען זיך אַרום אָן אַרבעט. זיי חלשן אין די גאַסן, ווערן בעטלערס, כאַפּן זיך צו וואָס עס לאָזט זיך... טאָ, וואָס זאָל איך טאָן?...

זעלדע האָט זיך מער נישט געשפּאַרט מיט אים. זי האָט אויסגעליידיקט אַ הילצערנעם עמער פון וואַסער, און שמעונס און זעלדעס הענט האָבן עפּעס געשטיקט דעם קופּערנעם האַלדז פונעם באַלאָן און שווער געאַרבעט, ביז זיי האָבן אים אונטערגעהויבן און אַריינגעלאָזט אין עמער. זיי האָבן אַרומגעשאָטן דאָס אייז, וואָס שמעון האָט מיטגעבראַכט אין זעקל, און אַרומגעלייגט מיט שמאַטעס, אַז דאָס אייז זאָל לענגער האַלטן.

זעלדע האָט מיט באַנגער געקוקט אויף דעם גלאַנציקן באַלאָן־קעפּל מיט דעם לאַנגן ווידל און גראָבן אויסגעקרומטן שנאָבל, ענלעך צו אַ מישונהדיקן

פויגל. זי איז געווען נייגעריק אַ קוועטש צו טאָן ביים ווידל, נאָר מורא געהאַט, אַז דער שנאָבל זאָל נישט טאָן אַ שפּיי אויס אַ ביסל וואַסער, פון וואָס עס קאָן ווערן ווייניקער אין באַלאָן און ברענגען שאָדן. שמעון איז איר מילד אונטערגעקומען:

— ווילסט פאַרזוכן אַ ביסל?

זעלדע האָט צוערשט געזאָגט אַ ליגן, אַז זי וויל נישט, נאָר זי האָט זיך אָבער נישט געקאָנט אָפּזאָגן פון איר קינדערישן חשק און זיך פאַרענטפערט, אַז זי וואָלט געוואָלט פאַרזוכן פון דער סחורה, מיט וועלכער זיי גייען אַרום אין גאַס אַריין. שמעון האָט איר אַריינגעגאָסן אַ ביסל וואַסער אין אַ גלאָז, אין וועלכן עס האָבן זיך געדרייט אַרומגערויעטע גאַז־קרישטאַלן.

זעלדע האָט גענומען עטלעכע זופּ אין מויל אַריין און צושמאָטשקענדיק געזאָגט:

— א ביסעלע וואַסער, טויזנט טעם, קאַלט ווי אייז...

דאָס גלאָז מיטן איבערגעבליבענעם ביסל וואַסער האָט זי איבערגעגעבן שמעונען. ער האָט אַראָפּגעלאָזט עטלעכע קאַלטע שלוקן אין זיינע קראַנקע לונגען, זיך פאַרהוסט און באַשטעטיקט:

— אַ טייער ביסעלע סחורה, דער עולם וועט זיך פשוט מחיה זיין...

שמעון האָט צום הענטל פון עמער צוגעפּעסטיקט אַ ברייטן פּאַס פון שטריקלייוונט, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון גאַס. ער האָט אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ אין פּאַס און מיטן קאַרק און הענט גענומען ציען דעם עמער מיטן באַלאָן, וואָס איז אָבער געווען ווי צוגעוואַקסן צו דער פּאָדלאָגע. זעלדע האָט אויך אַרומגעוויקלט אירע פינגער אַרום דעם הענטל, שמעון און זעלדע האָבן געהאַלטן די שטערנס אייגער נאָענט צום צווייטן, זיי האָבן זיך געקוקט אין די אויגן אַריין; און מיט אַ געמיינזאַמען קרעכץ אָפּגעריסן דעם עמער. זעלדע איז באַלד אונטערגעלאָפן מיט די הענט הינטערן דנאָ, מיטן גאַנצן כוח אים אונטערגעשטופּט און שמעון האָט זיך אויסגעגלייכט, אַרויפציענדיק די משא ביז איבער די קני. דער האַרטער פּאַס האָט שווער געדריקט דעם שאַרפן ביין אויף זיין אָנפּליישיקן אַקסל. זיי האָבן אונטערגעבעט מיט אַ פּעקל שמאַטעס און אַרויסגעגאַנגען אין גאַס.

שמעון האָט געהאַלטן שטייף אָנגעצויגן דעם קערפּער. די לאַסט האָט געוואַרט, אַז ער זאָל אויף אַ רגע פאַרלירן די כוחות, כדי אים אַ כאַפּ צו טאָן ביים קאַרק און אים איינברעכן. ביי יעדן טריט האָט דאָס וואַסער אין באַלאָן אַ כוואַליע געטאָן, אַ דריק געטאָן דעם עמער, און די שאַרפע רייף אַרום דעם דנאָ האָט אים ביז צום ביין געשניטן דאָס פלייש הענטער די קני.

זעלדע איז געגאַנגען נעבן אים און ביי אַ שנירל געהאַלטן אַ פּענדל, אין וועלכן עס זענען געשטאַנען דריי גלעזער מיט די מיילער אַראָפּ. דאָס קלייד אירס האָט געלאַנגט ביז צו דער ערד, מע האָט גאָרנישט געזען אירע פיס. עס האָט זיך געדאַכט, אַז זי גייט נישט, נאָר גליטשט זיך אויפן קלייד.

ביידע אַלטע לייט האָבן מיט פרעגנדיקן וווּנדער געקוקט אין די מידע פאַר־שוויצטע פנימער פון די דורכגייער: צי זעען זיי נישט, אַז מע טראָגט דאָ אַזאַ מייערן געטראַנק? קיינער האָט גאָרנישט געזען. שמעון האָט געוואָלט נאָכמאַכן די אַנדערע סאָדע־וואַסער־פאַרקויפער, נאָר ער האָט נישט געקאָנט באַשליסן צו שרייען גלאַט אין דער וועלט אַריין. עס איז אָנגעקומען אַ לאַנגזאַמער פאַרביי־גייער. שמעון האָט אים געוואָלט זאָגן, אַז ער האָט סאָדע־וואַסער צום פאַרקויפן, נאָר ביז די ווערטער זענען געווען גרייט אַרויסצוגיין פון מויל, איז שוין יענער געווען הינטער אים. שמעון האָט געזוכט, אין וועלכער זייט אַריין עס איז בעסער צו רופן און ענדלעך אַ וואָרף געטאָן:

— סאָדע־וואַסער, קאַלט סאָדע־וואַסער!...

און זעלדע האָט נאָכגעברומט:

— יאָ, יאָ, אַ גוט גלעזל וואַסער, קאַלט ווי אייז.

פון דעם רוף האָט זיך ביי שמעונען אונטער דער ברוסט אַריינבאַקומען אַ קעלט. ער האָט זיך פאַרהוסט, דער פּאַס האָט אים מעכטיק אַ שלעפּ געטאָן פאַרן אַקסל און ער האָט געמוזט אויסשפּאַנען פון זיך די משא. שמעון האָט שוין מער נישט געקאָנט אַרויפשלעפּן אויף זיך די שווערע לאַסט און ווייטער האָט ער זי שוין געמוזט טראָגן צוזאַמען מיט זעלדען ביים הענטל פון עמער.

פון צייט צו צייט האָבן זיי געלייזט פאַר אַ גלאָז וואַסער. נאָך יעדער אָפּ־געלייזטער גלאָז איז די משא לייכטער געוואָרן אויף אַ העלפט. יעדע קופּערנע אָדער ניקלנע מטבע, וואָס האָט איינציקווייז געטריפט אין דער אויבער־טאַש פון שמעונס כאַלאַט, איז פאַר אים געווען ווי אַ פּלאַסטער, וואָס האָט געהיילט זיי־נע קראַנקע ערטער, ווי אַ זונען־שטראַל, וואָס האָט צעוואַרעמט זיין געמיט. אין געדאַנק האָט ער שוין געזען, ווי ער קומט צו אַ ביסל געלט און כוח, קויפט זיך איין אַ ביסל טישלער־כלים. מיט אַ קעסטעלע אונטערן אָרעם און אַ זעג אין דער האַנט גייט ער פון הויף צו הויף, קלינגט מיטן ציינגל פון דער זעג און רופט: צו פאַריכטן — שענק — בעטן — טישן — שטולן — צו פאַ—ריכטן. פּנימער קוקן אַרויס פון צעעפנטע פענצטער, מען רופט אים — דאָ איז אַ זייט פון אַ בעט צעבראָכן, דאָ הינקט אַ שטול אויף אַ פוס, דאָרט איז אַ שאַנק נישט אין אָרדנונג און ער פאַרריכט, פאַרהיילט, זעצט צו שטיקער געזונט, שטיקער לעבן, און אַלץ ווערט צוריק ניי געבוירן.

צו די שטיקער מעבל, וואָס ער וועט אויסהיילן, האָט ער זיך אַליין אויך צוגערעכנט. ער האָט זיך שוין געזען אַ געזונטן, מיט אַ פרישן כוח, און גע־גלייבט, אז ער וועט נאָר זיין קרעפטיק, וועט ער שוין אַרבעט אויך ערגעץ קריגן. עס זענען אים געקומען אין קאָפּ אריין די אלע טישלער־װאַרשטאַטן, װו ער פלעגט די לעצטע פאָר יאָר אַריינקומען, זיצן א שעה, צוויי, און אָפּקרעכצן, וואַרטנדיק, אפשר וועט זיך פאַרט מאכן פאר אים א ביסל ארבעט. דאָס האָט ווידער אַריינגעיאָגט אין זיין האַרץ אַ קאַלטן אומעט, און אַ הוסטנדיקער איז ער צוגעקומען צום פּלאַץ נעבן דער וויסל.

די בערג, פלאַכן און טאָלן זענען געווען באַדעקט מיט גרינע קאַפּלען, ליוואַ־נען און שיסלען. מענטשן, האַלב־נאַקעטע, זענען מיט הפקרדיק־צעוואָרפענע גלידער געלעגן אונטער דער זון. טייל זענען געלעגן אין שאָטן, מידע, האַלב־פאַר־שלאָפענע, און גיריק געשלונגען די קילקייט, וואָס די וויסל האָט טיילמאָל אויס־געאָטעמט און אַדורכגעלופטערט דערמיט דעם רוים. איבערן טייך האָבן רואיק שפּאַצירט דאַמפערס. קליינע, שטיפערישע כוואַליעס האָבן זיך געטוליעט און געקלאַמערט אַרום די דאַמפערס, וועלכע האָבן זיי צוריק אָפּגעטריבן פון זיך. שמאָלע מאָטאָר־שיפלעך זענען מיט דער שנעלקייט פון אַ שאָס אַ פלי געטאָן איבערן וואַסער און פאַרשוווּנדן ערגעץ אין געצילטע ווייטן.

אויף די פלעצער זענען אַהין און צוריק געלאָפן מענטשן מיט צעבערס אויף די אַקסלען און פלייצעס און געשריגן:

— ליאָדי, ליאָדי!

ייִנגלעך מיט שמוציקע, באָרוועסע פיס, מיט צעקרימטע פּנימער און פאַר־בלענדטע אויגן פון דער זון, האָבן געטראָגן אויף די קעפּ פּאַנען מיט קיכלעך און קוכן, די זון האָט געפּרעגלט דאָס געפּילטע געבעקס, נאָך וועלכן עס האָבן זיך געיאָגט גאָלדענע פליגן.

— קאַלט וואַסער! וואַסער קאַלטס!

דאָ האָט פון גריגעם גראָז אויפגעבליט אַ נאַקעטע ברוינע האַנט, אויף וועלכער עס האָבן געפינקלט קעגן דער זון די מאַניקירטע נעגל, דאָרט איז אויסגעוואַקסן אַ קאָפּ מיט אַ געבלימלט טיכל.

שמעון איז צוגעגאַנגען און שוין געוואָלט אָנצאַפּן וואַסער אין גלאָז אריין, אָבער באַלד זענען אונטערגעלאָפן ייִנגלעך און מיידלעך מיט סיפאָנען און באַ־לאָנען, און יעדער האָט זיך געריסן אָנצונעמען די באַשטעלונג אויפן גלאָז וואַ־סער. צוליב צוויי גראָשן לייזעכץ, פון וועלכן עס איז געבליבן אַ האַלבער גראָשן פאַרדינסט, האָבן זיך די סוחרים און סוחרימלעך צעקריגט און צעשלאָגן. טייל־מאָל האָבן זיי זיך אַפילו אומגעוואַלגערט אַ גאַנצע קופּע, קנוילנדיק זיך אויף דער ערד און געשלעג. שמעון האָט שוין נישט אַזוי געגלייבט אין זיין האָפענונג

צו עמעצן צוצוקומען. ער האָט אײנגעזען, אַז עס איז נישט פֿאַר זײַנס גלײַך בײַצוקומען די גאַנצע כאָפּטע קאָנקורענטן, וואָס האָבן גרינגערע פּים און הענט פֿון אים.

ווען שוין געשטילטע פֿון דורשט האָבן די מענטשן צוריק אײַנגעבעט די הענט און קעפּ אין ווײכן גראָז, איז שמעון געגאַנגען ווײַטער. די ייִנגלעך מיט סאָדע־וואַסער און קיכלעך האָבן מיטאַמאָל גענומען צעטומלטע לױפֿן איבערן פּלאַץ און געבן סיגנאַלן:

— זעקס — אַ מײליץ! זעקס — אַ מײליץ!

זײ זענען געלאָפֿן אין אַלע זײַטן און אין אײן מינוט נישט געוואָרן, ווי אַ ריזיקער ווינט וואָלט זײ מיט אײן בלאָז אָפּגעקערט. אַן אַלטיטשקע פּרוי, אַרומ־גענומען מיט שמאַטעס און צװיטלען, מיט אַן אָפּגעשײלטער צוויַיג, וואָס האָט איר געדינט פֿאַר אַ שטעקן, האָט אָנגעשטעלט אַ קלײן גערונצלט פּנימל:

— שענקט אַ טראָפּיטשקע אַ־ן אַלט מענטשן... אַ טראָפּיטשקעלע נאָס צו מאַכן די ליפּן...

זעלדע האָט געדעט צו שמעונען:

— גיב אַ ביסעלע וואַסער, גיב.

שמעון האָט אָנגעגאָסן אַ ביסל אין גלאָז, זעלדע האָט פֿון איר זײַט צוגע־גאָסן נאָך אַ ביסל:

— טרינקט, און זאָל אײַך זײַן צום געזונט.

די אַלטע האָט מיטן שוואַרצן הענטל אײַנגאַנצן אַרומגענומען דאָס גלאָז, מיטן ציינגל אָפּגעלעקט די דינע ליפּן און, באַטראַכט, מיט כוונה, לאַנגזאַם גע־גאָסן אין מויל אַרײַן, כדי גאָרנישט צו פֿאַרלירן פֿון דעם פֿרישן, קילנדיקן טעם. זי האָט צוריקגעגעבן זעלדען דאָס גלאָז:

— איר זאָלט באַלד און גיך פּטור ווערן פֿון דער ביטערער פּרנסה... און פּלוצלינג:

— אַ פּאַטענט אין דאָ?

די דאָזיקע ווערטער, האַרטע, שטרענגע, זענען מיט אימפּעט אַרײַנגעפֿאַלן אין שמעונס צעקנאָדערטע אויערן. די אויגן האָבן זיך אים גרוים אויסגעגרינט און אומבאַוועגלעך געקוקט אויף אַ ברײַט, רויט פּנים, וואָס האָט דראָענדיק גע־פֿאָדערט אַ תּשובה. זעלדע האָט מיט זיך פֿאַרשטעלט דעם באַלאָן און שמעון האָט אַ צעטומלטער געבעטן:

— עס איז דאָך אַ ביליק ביסל וואַסער... עס איז דאָך פֿון דעם קײן טרוקן ברויט נישטאָ...

— אַ פּאַטענט איז דאָ?!

שמעון און זעלדע האָבן אַ ציטער געטאָן. זייערע אויגן האָבן זיך צוזאַ־מענגעטראָפן און שטום איבערגעקוקט. אַ פּאָר שוואַרצע אויגן האָבן אויפגע־רעגטע אַ ברען געטאָן:

— אָדער אין קאָמיסאַריאַט אַריין, אָדער באַצאָלן אַ מאַנדאַט!

שמעון האָט אַריינגעטאָן די האַנט אין טאַש און אַרויסגענומען אַ זשמע־ניע קופּערשטיקלעך. ער האָט געפּילט, אַז עמעצער האָט אים אַריינגעשטעקט די האַנט אונטער דער ברוסט און אַרויסגעריסן אַ שטיק האַרץ. עס איז אים געווען אַ שאָד אַוועקצוגעבן דאָס געלט, וואָס ער האָט מיט אַזויפיל מי און שוויים געזאַמלט די לעצטע עטלעכע שעה, און ער האָט עס פאַרקוועטשט אין דער פויסט. נאָר אַ קוק טוענדיק אויף דעם אַנטקעגנדיקן קאַנטיקן היטל, האָט ער געעפנט דעם קליינעם פינגער און געלאָזט אַראָפּרייסן אויף דער אָנגעשטעל־טער פליישיקער האַנט צו איינצלנע קופּערשטיקלעך, וואָס זענען געוואָרן אַדורכ־געלויכטן פון דער זון. זעלדען איז פון פאַרבלענדטקייט און ווייטיק מונקל גע־וואָרן אין די אויגן. איר האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס זיצט אַזוי שמעון אַריבער־געבויגן איבערן בעט און פון זיין מויל פאַלן כסדר אַזעלכע שטיקער בלוט.

די ניקלנע קנעפּ האָבן אַ בליץ געטאָן און אַוועק. פון די זייטן האָבן זיך גענומען באַווייזן די קעפּ פון די אַנטלאָפענע הענדלער. זיי האָבן פאָרזיכטיק מיט ווייטע בליקן גענומען אַרומטאַפּן דעם פּלאַץ און לאַנגזאַם געשטעלט שטילע, גבֿהשע טריט. זעענדיק, אַז ס'איז נישטאָ וואָס מורא צו האָבן, האָבן זיי אַראָפּ־געוואָרפן פון זיך די שרעק, געוואָרן דרייסט, געלאָפן, געשריגן און איבערגע־יאָגט איינער דעם צווייטן, כדי אויסצוכאַפּן אַ פּאָר גראָשן לייזונג.

דער הנאָ פון שמעונס אויסגעלייזדיקטער טאַש האָט זיך ביסלעכווייז ווידער גענומען שיטער באַדעקן מיט מטבעות. ער האָט עמעצן דערלאַנגט וואַסער און זעלדע איז געשטאַנען אויף דער וואַך און געהיט, צי עס קומט ווידער נישט אָן אַן אומגליק. זי האָט מיטאַמאָל אָנגעשטעלט איר שוואַכזיכטיקן בליק ערגעץ נישט ווייט פון זיך, גענומען שנעל פינטלען מיט די אויגן, אָנגעכאַפּט שמעונען ביי אַ האַנט, פון וועלכער זי האָט אים אַרויסגעוואָרפן אַ גלאָז וואַסער אויף דער ערד, און אַ וואַנזיניקן קוויטש געגעבן:

— שמעון, שנעלער, מען גייט!...

שמעון האָט אָנגעכאַפּט דאָס הענטל פון עמער, כדי צו אַנטלויפן מיטן וואַ־סער, נאָר ער האָט עס באַלד צוריק אָפּגעלאָזט און געבליבן שטיין. ער האָט גע־קוקט, ווי א פּאָר אָפּגעפּוצטע שטיוול טרעטן שווער דאָס אומגעלייגטע גראָז, זיי טרעטן אין אַ גלייכער ליניע, צילנדיק צו אים, שמעונען.

— אַ פּאַטענט איז דאָ?!

— אַ פּאַציענט!... אַ פּאַציענט!... — האָט שמעון נעווזן אויף זעלדען, פאַר־חסטענדיק זיך.

— אַ פּאַציענט איז דאָ, פרעג איך?

שמעון האָט זיך פאַרקייכט און פון אויפרעגונג האָט זיך אים פאַרדרייט אין קאָפּ.

— גיט מיר אַרבעט, וועל איך זיך גישט אַרומשלעפּן מיטן באַלאָן... מיך... זי... קאָנט איר נעמען — עפּעס אַנדערש האָב איך נישט!

דער קופּערנער בויך פון באַלאָן האָט באַקומען אַ זעץ פון אַ שטיוול. ער האָט זיך געטאָן אַ וואַקל און אומגעפאַלן. אַראָפּקאָלערנדיק פון דער הויכקייט איז דאָס קופער אויפן וועג צעראַצט געוואָרן און באַקומען רויט־גלאַנציקע שטרייכן, ווי שניט אויף אַ מענטשלעכער הויט. דער באַלאָן האָט אַ כאָרכל געטאָן מיטן העלדזל, געבליבן ליגן און פון שנעבעלע האָבן געקאַפּעט קלאָרע טראָפּנס ווי קינדערישע טרערן.

# די נעשטאַלטיקונג פון נייעם לאָדזש

לאָדזש איז אייביק געווען כאַראַקטעריסטיש מיט אירע ענגע, שמאָלע גאַסן, מיט איר טריבקייט, וואָס האָט אָנגעוואָרפן אויפן מענטש א מרה־שחורה. איצט ווערט די שטאָט מיט יעדן חודש ליכטיקער, און פרייער ווערט אין איר צו אָטעמען.

וויפל אַלייען און סקווערן זענען צוגעקומען אין סאַמע צענטער שטאָט, די אַלייען, וואָס שניידן איך עטלעכע פונקטן אַדורך די פיעטרקאָווער גאַס און באַשיינען מיט זייער גרינס! וויפל פראַכט און פרייקייט ליגט אין דעם ווינקל ביי די גאַסן דאַשינסקי און שענקעוויטש, וואָס הייסט דער פלאַץ פון דער „פאַריזער קאָמונע". אויף טריט און שריט, אויף יעדער גאַס זענען אויפן אָרט פון די אָראָפּגערוימטע הורבות שוין אַנטשטאַנען און עס אַנטשטייען כסדר גרינע סקווערן. וויפל ליכטיקייט און ברייטקייט גיט צו דער שטאָט די נייע פאַרקער־טראַסע, וואָס ציט זיך איבער דער גאַנצער קאָשטשושקאָ־אַליע, אַראָפּ איבער דער זאַכאָדניע־גאַס ביז דער סטאַדאָלניאַנע. האָט אין די געסלעך אַמאָל קוים אַ פורל געקאָנט זיך אַדורכשטופן, הייַנט געפינט זיך דאָרט אַ דאָפּלטע טראַמוויי־ליניע, און אַ חוץ דעם זענען פאַראַן וועגן פאַר אויטאָס און טראָטואַרן.

אָבער ניט דאָס אַלץ איז דאָס וועזנטלעכסטע פון דער איצטיקער איבערבויונג פון לאָדזש. מיט יעדן טאָג ווערט אַלץ מער פאַרווישט דער קלאַסן־כאַראַקטער, וואָס עס האָט צוגעגעבן לאָדזש די קאַפּיטאַליסטישע הערשאַפט. עס פאַרשווינדן די גרענעצן, וואָס האָבן אָפּגעטיילט די פּראָלעטאַרישע פאָרשטעט פון דער בורזשואַזער מיטלשטאָט.

פאַר דער מלחמה איז די אַלטשטאָט מיט די אַרומיקע געסלעך געווען איינע פון די אָרעמסטע געגנטן. די מענטשן האָבן געוואוינט אין איינגעהויקערטע הייזלעך אָדער אין אָפּגעריסענע מויערן, וואָס זענען שטענדיק געווען אין געפאַר אייינצופאַלן. נאָך הייַנט קאָן מען דאָ און דאָרט זען א הילצערן קרום הויז, אָבער נעבן דעם וואַקסן אויס פרעכטיקע נייע בלאָקן.

אין די נייע געביידעס אויף דער אַלטשטאָט וווינען צום מייסטן פאַרדינסטפולע אַרבעטס־שלאָגלער מיט זייערע פאַמיליעס און אויך די פריערדיקע איינ־

וויינער פון דער געגנט, וועמענס דירות עס זענען צענומען געוואָרן. זייערע איצ־טיקע ווױנונגען זענען אינגאַנצן אַנדערש. דאָס זענען ליכטיקע צימערן מיט צענ־טראַל־באַהייצונג, מיט באַזונדערע קיכן און באָד־צימערן. וועלכע אַרבעטער האָבן זיך געקענט פאַרשטעלן צו האָבן אַ באָד־צימער אין לאָדזש אויף דער אַלט־שטאָט, ווו אַלע יאָרן איז איינע פון די גרעסטע זאָרגן געווען דאָס איינשאַפן זיך וואַסער?

די צום מיינסטן גרינטלעך איבערגעבויטע, נייע גאַס, איז די גאַס א. נ. פון די קעמפער פון װאַרשעווער געטאָ. אמאָל האָט זי געהייסן מרדכי־גבאים גאַס אָדער ייִדישע גאַס. די דייטשן האָבן זי גערופן „הונט־שטראַסע". אין צענטער פון דער גאַס שטייט איצט אַ פּרעכטיקע שול. זי געהערט צו די צום בעסטן אויס־געשטאַטע לאָדזשער שולן, און עס לערנען אין איר ביז 600 קינדער.

גלייכצייטיק מיט דער בויונג פון די ווױנונגס־בלאָקן, גייט אויך אויף דער אַלטשטאָט אַן אינטענסיווע אַרבעט פון אַספאַלטירן די גאַסן. די גאַס א. נ. פון די קעמפער פון װאַרשעווער געטאָ איז שוין אַספאַלטירט. אין די ספּעציעל אױ־בערגעלאָזטע סקווערן און ביימער ווערן פאַרפלאַנצט גרינס און בלומען.

אויב אויף דער אַלטשטאָט האָט געוווינט די אָרעמקייט, האָט זיך אויפן באַלוט געפונען די נויט אַליין. קיין נייע הייזער האָט מען אין די לעצטע פאַר־מלחמה־יאָרן נישט געבויט, און די אַלטע האָט מען נישט פאַרריכט. אָפט האָבן אין ענגע, נאַסע לעכער געוווינט צו עטלעכע פאַמיליעס. ווינטער און אַפילו שוין האַרבסט זענען די קינדער אויף גאַנצע טעג געבליבן אין די בעטן, ווייל צו באַ־הייצן די שטוב איז נישט געווען מיט וואָס און אויף אַרויסצוגיין אין גאַס האָבן זיי נישט געהאַט קיין שיך און נישט קיין וואַרעם מלבוש.

איצט איז די געגנט פול מיט רושטאָוואַניעס. איינס נאָכן אַנדערן שטייען אויף נייע, ליכטיקע הייזער, אין וועלכע עס קלייבן זיך אַריין אַרבעטער־פאַמיליעס. די קינדער, וואָס פלעגן אין די אַמאָליקע צייטן, ווען די עלטערן זענען געגאַנגען זוכן אַרבעט, בלייבן אָן אויפזיכט, האָבן איצט דאָ באַקומען אַ פּרעכטיקע פאַר־שול מיט אַלע באַקוועמע איינריכטונגען.

וויפל פרייד ווייזן די אַרבעטער ארוים ביי דער בויונג! זיי אַרבעטן מיטן באַוווסטזיין, אַז אַמאָל האָבן זיי נאָר געבויט פאַר פאַבריקאַנטן און סוחרים. היינט, בויענדיק אַ הויז, פאַרלייגנדיק עלעקטרע און גאַז, ווייסן זיי, אַז פון דעם וועלן געניסן אַרבעטער, די זעלבע, וועלכע האָבן דאָ אויף דעם אָרט געוווינט אין נאַסע לעכער.

צוזאַמען מיט די נייע ווױנונגס־ישובים אַנטשטייען קולטור־הייזער, קלובן, פאָרשולן און שולן. עס מערט זיך פון טאָג צו טאָג די צאָל מאָדערנע מאַגאַזינען און געוועלבער, וואָס פאַרצווייגן זיך איבער אַלע גאַסן און דערגייען ביז אין די ווייטסטע ווינקלען פון די פאָרשטעט.

# זון און ליכט אין לאָדזשער באַלוט

זומער־צייט, אין די אָפּרו־טעג, גייט מען אין די פּאַרקן, מען פֿאָרט ארויס אין די וועלדער הינטער דער שטאָט. אין די איצטיקע אָפּרו־טעג האָבן די לאָדזשער־איינוווינער געפונען נייע ערטער ווו צו שפּאַצירן, ווו צו מאַכן אינטערעסאַנטע אויספלוגן. דאָס זענען די נייע געגנטן, וואָס זענען שוין אויסגעבויט געוואָרן און בויען זיך ווייטער.

אין א יום־טובדיקן פרימאָרגן אָדער נאָכמיטאָג קאָן מען טרעפן באַקאַנטע, פיין־אָנגעטוענע, מיט דער כאַראַקטעריסטישער רואיקייט פון מענטשן, וואָס זע־נען זיכער מיט זייער הײנט און מיט זייער מאָרגן.

— וווהין גייט מען?

— ווו? איך טראַכט טאַקע ווו צו גיין. איך וואָלט געוואָלט צופאָרן אויף סטאָקי. מען זאָגט, אַז דאָרט זענען שוין צוגעקומען אַ מאַסע נייע הייזער. די פאַמיליע־וווינונגען זענען דאָרט פּרעכטיק, די אַרבעטער ווינען זיך ווי פּריצים, מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן, און פלאַנצן זיך גערטנער פאַר די פענצטער.

— וואָס וועסטו ערשט פאָרן אויף סטאָקי. די נייע טראַסע האָסטו שוין גע־זען, דעם טראַקט אויף וואַ־שע? ס'איז דאָך אין צענטער, אינגאַנצן אַ פּאָר טריט פונדאַנען. אין מיטן פון דער שטאָט איז אויסגעשניטן געוואָרן אַ נייע אַלייע מיט צוויי אַספאַלטירטע וועגן אין דער מיט, מיט זייטיקע סטעזשקעס פאַר ראָווערן, מיט אַלייען פאַר שפּאַצירער. עס זענען שוין אָפּגעטיילט רונדיקע און קאַנטיקע פּלעצער פאַר גרינס און בלומען. פרילינג וועט דאָס געבן אַ בלי אויף, אַז ס'וועט די אויגן פאַררייסן.

— ס'איז שוין איצט דאָרט הערלעך! איך בין ערשט יענע וואָך דאָרט געווען. אַזעלכע וועגן האָט לאָדזש נאָכנישט געהאַט. האָסט געזען די שנורן לאָמפּן, אַזעלכע ווייסע און קאַנטיקע, עפּעס אינגאַנצן נײמאָדישע, און די ברייטקייט און די לופטיקייט, וואָס דאָרט איז!

— כ׳וועל אפשר צוגיין אויף דער אַבראַמאָוויטש־גאַס. מען זאָגט, אַז דאָרט איז לעצטנס געמאַכט געוואָרן אַ נייע אַלייע, וואָס ציט זיך פון דער שענקעוויטש־גאַס ביז קילינסקי־גאַס.

— יאָ, אָבער דאָס איז אַלץ נישט דאָס, וואָס אויף באַלוט. ביסט שוין דאָרט געווען?

— דאָרט האָב איך נישט וואָס צו גיין. מיט אַ פינף־זעקס וואָכן צוריק בין איך דאָרט אַרומגעקראָכן כמעט אַ גאַנצן טאָג.

— וויפל זאָגסטו? מיט פינף־זעקס וואָכן צוריק. אַ שיינע מעשה! היינטיקע צייטן זעקס וואָכן פאַר באַלוט! דו ווייסט, וואָס דאָס הייסט? דורך דער צייט איז דאָך שוין דאָרט אַ וועלט אויפגעבויט געוואָרן.

די גרעסטע באַוועגונג פון די נייגעריקע, פון די מאַסן לאָדזשער איינוווינער, וואָס אינטערעסירן זיך מיט דעם, ווי זייער שטאָט וואַקסט, ווערט שענער און באַקוועמער מיט יעדן טאָג, זעט מען טאַקע אין די גאַסן, וואָס פירן קיין באַלוט. עס גייען גרופּן באַקאַנטע, קאָלעקטיווע אויספלוגן, איינצלנע שפּאַצירער, פאַמיליעס, פירנדיק אַפילו די יינגסטע אין די קינדער־וועגעלעך. אָנקומענדיק מיט דער פראַנטישקאַנער גייט מען גאַס־איין, גאַס־אויס איבער דער יעראָזאָלימסקע, יאַקובאַ, וואָלבאָרסקע, וסכאָדניע. ס׳איז אוממעגלעך זיך קלאָר צו מאַכן, אַז דאָס זענען די זעלבע גאַסן, וואָס טראָגן די הערמאָנטע נעמען. די באַזוכער, וועלכע האָבן די דאָזיקע געגנט נישט געקענט פון אַמאָל, זעען בלויז, ווי עס וואַקסט אויס אַ נייע וועלט, אָבער די, וועמען עס ליגט נאָך אין זכרון דער אַמאָליקער אויסזען פון יענע גאַסן, איז שווער זיך צוצוגעוווינען צו דעם נייעם. מען שטייט פאַרגאַפט און מען ווייסט נישט, וווּ מען געפינט זיך. וווּ זענען די שמוציקע הייזער און הייזלעך, די טרעפּלעך און טויערן, וואָס האָבן אַריינגעפירט אין זייערע פינצטערנישן, די פּיצלעך געוועלבלעך און פענצטערלעך ווי פאַרחלשטע אויגן? וווּ איז אַהינגעקומען דער צעפאַקערטער, אויסגעקראָכענער, לעכערדיקער ברוק, איבער־וועלכן נישט נאָר מענטשן זענען געפאַלן, נאָר אויך פערד און וועגן. די גאַסן האָבן איצט געענדערט זייער ריכטונג, באַשטייען פון הויכע, ברייטע בלאָקן מיט עטלעכע אַריינגענג — אַ בלאָק — אַ גאַס. און קודם כל, וואָס עס וואַרפט זיך אין די אויגן אַריין: פענצטער, הונדערטער, הונדערטער ברייטע, גרויסע פענצטער־שפּיגלען, וואָס מיניען מיט די פאַרבן פון הימל און פון דער זון, בלענדן מיט זייער גלאַנץ. אין די פענצטער הענגען נייע גאַרדינען, און פון צווישן די גאַרדינען קוקן אַרויס פרייליכע פנימער פון קינדער, געמיטלעכע פנימער פון באַלעבאָסטעס, נייע באַלעבאָסטעס פון אייגענע, רייכע וווינונגען. עס דאַכט זיך עפּעס, אַז זיי קוקן אומדרייסט, זענען גאָכנישט צוגעוווינט צו געפינען זיך אין אַזעלכע שטובן און שעמען זיך עפּעס פאַר די, וואָס קומען באַזוכן און־באַוווּנדערן זייערע נייע גאַסן און היימען.

ביים אָנהייב פון דער בווונג האָט מען צוערשט צענומען די קלענסטע, פינצטערסטע, אַלטע הייזער. די שענערע, די גרעסערע הייזער זענען געבליבן ווי צו באַווייזן, אַז די אַלטשטאָט האָט אויך געהאַט עפּעס שיינס. און איצט, ווען געבן די געבליבענע האָבן זיך אַוועקגעשטעלט די נייע, ליכטיקע בלאָקן, זעען יענע אויס מיאוס, אָפּגעלעבט, נעבעכדיק, שעמען זיך עפּעס, וואָס זיי עקזיסטירן נאָך, װי זיי זאָלן זיך אַליין מודה זיין, אַז זיי דאַרפן שוין וואָס גיכער פונדאַנען אַוועק אין דער פאַרגאַנגענהייט.

די בלאָקן זענען אַזוי אַוועקגעשטעלט, אַז די וועגן צווישן זיי פירן פון איין גאַס אין דער אַנדערער. מען קאָן אויך אַדורכגיין דורך די ברייטע טויערן אין צענטער פון די בלאָקן. מיר קומען ארויס אויף דער גאַס א. נ. פון די העלדן פון וואַרשעווער געטאָ. ווי שטאַרק האָט זי זיך געענדערט פאַר דער לעצטער צייט! דער נאָמען איז אַ נייער, די גאַס איז אַ נייע און עס איז נישט מעגלעך צו דערקענען, אַז דאָס איז די אמאָליקע מרדכי-גבאים גאַס. אויף דעם גלאַטן אספאַלט פאָרט זיך, ווי אויף גומי. צי איז דען מעגלעך צו באַגרייפן, אַז דאָ, אויף דער דאָזיקער גאַס זאָל זיין אַזאַ פרעכטיק געשעפט פון דער מלוכהשער קיר/שנער-צענטראַלע, וואָס געהערט אפשר צו די שענסטע פיליעס פון דער דאָזיקער פירמע אין דער שטאָט. די אויסשטעל-פענצטער פאַרנעמען די ברייט פונעם בלאָק. און דאָס ווינקל פון דער גאַס, וואָס גרענעצט זיך מיט דער פראַנטשישקאַנער, איז בלויז פון גלאָז. אַ גלעזערנער פאַרטער! אַ ביסל ווייטער איז אַ מאָדערנער „באַר מלעטשני". עס קומט אויפן געדאַנק די פאַררויכערטע קנייפע פון אַמאָל אין דער גאַס, ווּהין אַ דערפרוירענער באַלעגאָלע איז אַריינגעלאָפן כאַפּן אַ הייס גלאָז מוטנע טיי. די גרויסע, ליכטיקע פענצטער פון דעם איצטיקן באַר קוקן אויס אויף דער גאַס ווי אַ צירונג. ער געפינט זיך אין אַ ראָג. איין פענצטער שטייט איבער דער ברייט פון דער גאַס, און דאָס צווייטע גייט אַריין אין אַ טיפן סקווער מיט אַ נייעם בלאָק. דער סקווער טראָגט אויך דעם נאָמען פון דער זעלבער גאַס: קעמפער פון וואַרשעווער געטאָ. דאָ דערגעבן געפינט זיך אויך די שול פון דער „געזעלשאַפט קינדער-פריינד" נר. 8. אין לאָדזש איז זי שוין באַרימט געוואָרן אַלס איינע פון די מאָדערנסטע טיפּן שולן. אַרום דער שול איז פאַראַן אַ סך פרייער פּלאַץ, וווּ עס זענען שוין אַרומגעמויערט פיל ערטער פאַר בלומען. דאָס ווינקל שאַפט פונדערוווייטנס אַ הערלעכע פערספעקטיוו.

שפּייענדיק ביי אַ נייעם בלאָק און באַטראַכטנדיק אים, דערגייט צו אונדז אַ שמועס צווישן אַ טאַטע מיט אַ יינגל, אויך באַזוכער.

— טאַטע, פאַרוואָס זענען ביי די הייזער נישטאָ קיין הייף?

— ווייל מען דאַרף נישט.

— און ווו האַלט מען קוילן און האָלץ?

— דאָ דאַרף מען נישט קיין קוילן און האָלץ, דאָ איז פאַראַן צענטראַל־באַהייצונג.

— און ווו נעמען די מענטשן וואַסער?

— אין די שטובן זענען פאַראַן קראַנען און באָד־צימערן.

דאָס ייִנגל איז עפּעס נאָכנישט פאַרטיק. ער, ווייזט אויס, וווינט נאָך אין אן אַלט הויז.

— און ווער וווינט אין די הייזער?

— אַרבעטער

— דו ביסט דאָך אויך אַן אַרבעטער. פאַרוואָס וווינען מיר נישט דאָ?

— ווייל... זיי האָבן זיך דאָס פריער פאַרדינט, זיי זענען שלאָסער.

— און פאַרוואָס ביסטו נישט קיין שלאָסער?

דער מענטש האָט אַ קוק געטאָן, צי איך האָב נישט געהערט דעם ייִנגלס לעצטע פראַגע. איך האָב אויך געקוקט אויף אים. אַ ביסל שעמעוודיק פאַרדרייטלט איז ער צוגעקומען און מיטן בליק געוויזן אויף זיין ייִנגל:

— האַ? זיי לאָזן נישט אָפּשטיין? מען מוז זיך פעסטער נעמען צו דער אַרבעט און זיי געבן שיינע דירות. פאַר זיי בויט מען דאָך אונדזער לאַנד, און מיר מוזן עס וואָס שנעלער בויען.

ער פאַרטרויט מיר באַלד, אַז ער אַרבעט אין די טראַמוויי־וואַרשטאַטן. איך זאָל נישט מיינען, אַז ער איז אַ שלעכטער אַרבעטער, ער איז נאָר אַהערגעקומען קוקן, ווי עס וועט אויסזען זיין נייע דירה, ווייל ער האָט שוין אַ פעסטן צוזאָג. דערווייל האַלט ער עס נאָך בסוד פאַר זיין פאַמיליע, ווייל ער וויל זיי מאַכן אַ סיורפּריז.

# דאָס גרינע לאָדזש

אונדזער שטאָט איז פאַר אַלעמען באַקאַנט אַלס דאָס רויטע לאָדזש. דער דאָזיקער נאָמען איז דער שטאָט צוגעאייגנט געוואָרן פאַר די העלדישע קאַמפן, וואָס אירע איינוווינער האָבן געפירט קעגן זייערע אונטערדריקער, די פאַבריקאַנטן. לאָדזש האָט מען אויך גערופן די שטאָט פון קוימענס און רויך, און דאָס האָט אַפילו פאַר דעם, וואָס האָט זיך געפונען ווייט פון איר, אַרויסגערופן אין דער פאָרשטעלונג אַ געדיכטע, שטיקנדיקע לופט, אַ שטאָט מיט אַ פאַרטונקלטע ליכט.

אָבער קיינמאָל האָט זי נישט געקאָנט באַצייכנט ווערן מיטן לופטיקן, פריליגגדיקן נאָמען: דאָס גרינע לאָדזש, ווייל צו אָטעמען מיט דער לופט פון גרינס איז פאַרן אַרבעטער געווען פונקט אַזוי שווער, ווי אָנצוזעטיקן זיך מיט ברויט.

לאָדזש איז אַמאָל געווען גרין, אָבער דעמלט איז זי נאָך קיין שטאָט נישט געווען, נאָר אַ וואַלד. און פון זינט די פאַבריקאַנטן האָבן גענומען אויסהאַקן דעם וואַלד און אויף זיין אָרט אויסגעבויט זייערע נעסטן פון עקספּלאָטאַציע, די פאַבריקן, איז אין לאָדזש פאַרשוווּנדן יעדע מעגלעכקייט פון פרייען אָפּעטעמען. אין דער פאַבריק איז פון דעם אַרבעטער אַרויסגעזויגן געוואָרן דער מאַרך, און אין דרויסן האָט אים געשטיקט דער רויך און די סאַזשע. און דערפאַר האָט מען צווישן זיך, היימיש, די שטאָט אויך גערופן דאָס טובערקולאָזנע לאָדזש. אין פאַרלויף פון די אַלע יאָרן, ווי לאַנג דער קאַפּיטאַליזם האָט געהערשט אין דער שטאָט, האָט ער זי פון דער קראַנקהייט צומאָל נישט געפּרווט היילן.

און איצט, קוים צען יאָר נאָך דעם, ווי די פאָלקס-מאַכט האָט איבערגענומען די אויפזיכט איבער דער שטאָט, האָט זי שוין באַקומען אַן אַנדערן אויסזען און אַנדערע לופט און פאַרדינט באַצייכנט צו ווערן מיטן נאָמען: דאָס גרינע לאָדזש.

גלייך ווען די אַרבעטער אין היינטיקן פאָלקס-פּוילן זענען נאָר צוגעטראָטן איבערצובויען די שטאָט, האָבן זיי באַלד געזען צוצולאָזן צו איר וואָס מער לופט.

די לוקסוס־פּאַרקן, וואָס די פאַבריקאַנטן האָבן געהאַט אָפּגעשלאָסן בלויז פאַר זיך, זענען געעפנט געוואָרן פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג.

לאָדזש פאַרמאָגט היינט 22 צענטראַלע פּאַרקן, פאַרשטייט זיך, אַז אַלע זענען עפנטלעכע, נישטאָ היינט קיין פאַרשלאָסענע פאַרקן.

ווער וועט היינט דערקענען דעם „פּלאַץ וואָלנאָשטשי“? דאָ, אין האַרץ פון דער שטאָט, בליען היינט אַזויפיל בלומען, מיט אַזאַ פאַרבן־רייכקייט, מע׳ ווי אַמאָל אין אַ פריציִשן גאָרטן. די פּיאָטרקאָווער גאַס איז באַפּוצט געוואָרן מיט עטלעכע בליענדיקע אַלייען. אין פאַרלויף פון די לעצטע עטלעכע חדשים איז אויף דער אַלטשטאָט ארויסגעוואַקסן אַ פּאַרק, וואָס פאַרנעמט אַ ריזיקן שטח, און איז נישט בלויז די פרייד פון די איינוווינער פון דעם נייעם אַרבעטער־ישוב, נאָר אויך פאַר די איינוווינער פון דער גאַנצער אַרומיקער געגנט. נישט אַלע לאָדזשער קענען אפשר דעם פּאַרק אויף דער נאַרוטאָוויטש־גאַס נעבן דעם שפּי־טאָל. די שטענדיקע באַזוכער רופן אים די „באַנבאַניערקע“. דער דאָזיקער פּאַרק האָט אַ באַזונדערס אָריגינעלן אויסזען סיי מיט דעם באַסיין, סיי מיט דער רייכקייט און פאַרשידנאַרטיקייט פון די בלומען־קלאָמבן. אָבער באַזונדער רייצנדיק זענען די געשניצטע מאָפּל־ווענט פון לעבעדיקן גרינס מיט שאָטנדיקע שפּאַציר־אַלייען צווישן זיי.

טיילמאָל איז ממש צו באַוווּנדערן די איינפאַלעדישקייט און מייסטערשאַפט פון די אַרבעטער. אויפן „פּלאַץ וואָלנאָשטשי“ זענען די בלומען אויסגעוואַקסן אין פאַרביקע גייאַנסירטע אויפשריפטן און לאָזונגען. וואָס קאָן זיין שענער פון אַ צעבלימער אויפשריפט פון פאַרשידנקאָלירקע, לעבעדיקע בלומען: „דער שלום וועט באַזיגן די מלחמה“! פאַרשידענע אויפשריפטן בליען אויך אויפן פּלאַץ „פּאַ־ריזער קאָמונע“ און אין אַנדערע ערטער. אין איין סקווער אויף דער פּיאָטרקאָ־ווער גאַס איז פון בלומען אויסגעמאָלן דער קולטור־פּאַלאַץ, וואָס אונדזער הויפּט־שטאָט באַקומט אַ מתנה פונעם ראַטנפאַרבאַנד.

מיטן יעדן טאָג מערן זיך אין לאָדזש די גאַסן, ווו עס קומען צו סקווערן, פּלעצער, ווינקלען מיט גרינס. די גאַסן ווערן מיט יעדן טאָג ברייטער, לויזער צווישן די הייזער, און דאָרט, ווו עס פאַרשווינדט א חורבה, וואַקסן ארויס בלומען.

עס זענען נאָך פאַראַן ווינקלען, גאַסן, פונוואַנען די שפּורן פון קאַפּיטאַליזם זענען נאָכנישט פאַרשוווּנדן, אָבער די איינוווינער, דערפילנדיק די פרישע לופט, וואָס דערגייט צו זיי פון אַנדערע געגנטן, דערפילנדיק דעם נייעם אַראָמאַט פון דער שטאָט, האָבן זיי נישט קיין געדולד צו וואַרטן, ביז די ריי וועט אויך צו זיי דערגיין. זיי נעמען זיך אַליין צו דער אַרבעט, צו פאַרוואַנדלען זייערע הייף אין גערטנער, זייערע גאַסן אין אַלייען. זייערע הייף, זייערע גאַסן זענען היינט זייער אייגנטום. קיינער שטערט נישט זיי אויסצונוצן פאַר זייער באַקוועמלעכקייט. פאַר־קערט, זיי באַקומען נאָך פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג די מעגלעכסטע הילף.

דער אָנגריף צו פאַרטרייבן די שלעכטע לופט פון אַלטן לאָדזש גייט גלייכציי־טיק פון פאַרשידענע זייטן. ער גייט סיי פון פּלאַן פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, סיי פון דער איניציאַטיוו פון דער באַפעלקערונג. די פרישע לופט דרינגט אַריין אין דער שטאָט פון אַלע זייטן. דאָס גרינס שפּראָצט אַרויס פון אומעטום. מיט יעדן טאָג באַקומט דאָס פּנים פון לאָדזש אַ שענערע פאַרב, אַ געזונטערע, אַ פרי־שע. איצט קאָן מען שוין דאָס רויטע לאָדזש אויך אָנרופן ד אָ ס ג ר י נ ע ל אָ ד ז ש — דאָס לאָדזש, וואָס בליט אויף.

# אַ גרוס דורכן ראַדיאָ-הילכער

פון דער לאָדזשער אַלטשטאָט איז געבליבן אַלט בלויז דער נאָמען און א ביסל אָפּגעלעבטע הייזער, וועלכע וועלן שוין אויך נישט האָבן קיין לאַנגן קיום. אַלדאָס איבעריקע איז ניי, יונג. די הייזער, די גאַסן, די פּלעצער. אויף די רחבות־דיקע פריש־קאַנאַליזירטע גאַסן איז די לופט געוואָרן ריינער און גערוימער.

דאָ, אויף דער אַלטשטאָט, געפינט זיך דער יונגסטער פּאַרק פון לאָדזש. אַ פיריעריק קינד קאָן זיך גרויסן, אַז עס איז עלטער פונעם עלטסטן בוים אין דעם פּאַרק. דערווייל איז דאָ פאַראַן ווייניק שאָטן, די ביימער זענען נידעריקע, דינגע, אָבער דערפאַר זענען פאַראַן אַ סך בלומען, אַ סך גראָזן און קוסטעס. אין שיינע טעג באָדט זיך דער פּאַרק אינעם גאָלדענעם ים פון זון.

איצט, נאָכן צוריקקומען פון די זומער־קאָלאָניעס, איז דער פּאַרק פול מיט קינדער. די בענק ווערן שטאַרק אויסגענוצט דורך אַרבעטער, וועלכע רוען דאָ פאַר און נאָך זייער אַרבעטס־שיכט. צוזאַמען מיט די צענדליקער לוקסוס־אַרמיקע וווינונגס־בלאָקן, וואָס זענען אויפגעבויט געוואָרן אין באַלוט און אויף אַלטשטאָט, איז אויך איינגעאָרדנט געוואָרן דער פּלאַץ פון אָפּרו פאַר זייערע איינוווינער. צוגלייך מיט די רעזערוואַרן פאַר דער וואַסער־לייטונג און פאַר דער צענטראַל־באַהייצונג איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ רעזערוואַר פון פרישער לופט.

דער אַלטשטאָטישער פּאַרק איז דער פאַרבינדונגס־פּונקט צווישן לאָדזש און די אַרומיקע שטעטלעך. די אַלעקסאַנדער, זגערזשער, קאָנסטאַנטינער, אָזאָרקאָ־ווער, לוטאָמירסקער טראַמווייען קרייזן אַרום דעם פּאַרק, ווי זיי וואָלטן אים אַרומגעזוימט מיט זייער בלויער און רויטער פאַרב, מיט דער היימלעכער קלינ־גערייַ. די טראַמווייען פירן אַריבער אין די שטעטלעך דעם גרויסשטאָטישן טעמפּ און ברענגען דאָ אַהער די שטעטלדיקע רואיקייט און געמיטלעכקייט. עס קומט פאָר אַן אויסטויש פון דער שטאָטישער און שטעטלדיקער שעפערישקייט. טאָג־טעגלעך קומט פאָר דער פּראָצעס פון באַזייטיקן די גרענעץ צווישן שטאָטישן און שטעטלדיקן מענטש.

סיי דער, וואָס וואַרט אויפן טראַמוויי, און סיי דער, וואָס וואַרט אויף דער שעה צו גיין אין פאַבריק אַריין, נוצט דערווייל אויס די באַנק אין פּאַרק. און אַז

עס איז פאַראַן צייט, זיצט מען א שעה און צוויי און מען קאָן הערן זייער אינטע־רעסאַנטע שמועסן.

—אַז מען זאַפּט זיך אָן אַ לענגערע צייט מיט זון, דאַכט זיך אויך שפּע־טער, ווען מען געפינט זיך דאָ אין אַ טריבן טאָג, אַז די זון שיינט.

דאָס האָט געזאָגט נישט קיין וויסנשאַפטלער, נישט קיין דיכטער, נאָר אַן אַרבעטער פון אַ לאָדזשער פאַרבעריי, וועלכער איז געשיקט געוואָרן אויף אַ קורס, כדי זיך צו פאַרפולקאָמען אין זיין פאַך.

דער פאַרבער־אַרבעטער האָט געהאַט זיין סיבה צו באַהויפּטן, אַז איצט, אין דעם טריבן סעפּטעמבער־טאָג, שיינט נאָך פאַר אים די הייסע יולי־זון.

אין דער צייט, ווען אין בוקאַרעשט איז געגרייט געוואָרן דער יוגנט־פעסטי־וואַל, האָבן לאָדזשער סקויטן זיך איינגעאָרדנט אַן אייגן פעסטיוואַל־שטעטל דאָ, אין דעם ייִנגסטן פּאַרק, דאָ, אויף דער אַלטשטאָט, וואָס איז אַמאָל געווען די געגנט פון דער אָרעמקייט און וואָס פאַרמאָגט שוין אַלע קאָנטורן פון א פּרעכ־טיקער געגנט, וואָס ווערט שוין דאָס שיינדל פון לאָדזש.

די סקויטן האָבן געוווינט אין געצעלטן, דאָ געגעסן און געשלאָפן, די טעג פאַרבראַכט אין די הינטערשטאָטישע וועלדער, אין די וואַסערן, ווו זיי האָבן זיך געבאָדן און געשיפט.

עס איז געווען פריילעך. אָבער אַמפרייליכסטן האָבן זיי פאַרבראַכט אין די פאַרנאַכטן. אויף דעם הויכן פּלאַץ פון פּאַרק, וואָס שפּרייט זיך אויס ווי אַ רי־זיקע בינע, האָט מען געזונגען, געשפּילט, געטאַנצט. די מוזיק און דאָס געזאַנג האָבן זיך געטראָגן איבער דער גאַנצער אַלטשטאָט, און די קלאַנגען פון דער דאָ־זיקער פרייד האָבן פון אומעטום, ווו זיי האָבן נאָר דערגרייכט, צוגעצויגן אַהער מענטשן.

דער פּאַרק איז געוואָרן פול מיט לאָדזשער איינוווינער, מיט מאַסן מענטשן, וועלכע זענען געווען די צושויער פון די פאַרווײַלונגען פון דער יוגנט. לויטן ביי־שפּיל פון דער יוגנט האָבן אויך דערוואַקסענע גענומען טאַנצן אויפן פּלאַץ. פון דער גאַנצער שטאָט איז מען דאָ אַהערגעקומען זיך מיטפרייען מיט דער יוגנט, מיטלעבן מיט זייערע איינדרוקן.

און איינדרוקן זענען געווען אַ סך.

די ראַדיאָ־הילכערס האָבן כסדר צעטראָגן די נייעסן פון פעסטיוואַל אין בו־קאַרעשט, איבערגעגעבן די לידער און רעדעס, די פרייד פון באַגעגענישן צווישן יוגנטלעכע פון ווייטע און נאָענטע לענדער, פון מענטשן, וואָס האָבן זיך קיינ־מאָל נישט געזען און זענען זיך אין איין רגע נאָענט געוואָרן. די הילכערס האָבן אויך געבראַכט גרוסן פון קינדער, וואָס זענען געווען אויף פאַרשידענע קאָלאָניעס. און דאָס מזל האָט אויך צוגעשפּילט אָט דעם זעלבן פאַרבער־אַרבעטער, מיט וועלכן מיר האָבן געשמועסט. ער האָט באַקומען אַ גרוס פון זיין ייִנגל אַזש פון

הינטער בערלין, פון דעם פּיאָנער־שטעטל, וווהין ער איז געשיקט געוואָרן אויף אָפּרו. צום טאַטן האָט ער נאָכגעשיקט באַוויזן אַ בריוו צו שרייבן, און דאָ הערט שוין די גאַנצע שטאָט וועגן אים, אַז ער פילט זיך אויסגעצייכנט, האָט אַ סך חברים און יעדע רגע איז פול מיט פרייד.

פון דעמלט אָן, ווילאַנג די סקויטן־געצעלטן זענען נאָך דאָ געשטאַנען, איז דער טאַטע, ווען ער האָט נאָר געהאַט אַ ביסל צייט, דאָ אַהערגעקומען. די טעג זענען געווען שיינע, פול מיט זון. און איצט, ווען ער געפינט זיך דאָ, דאַכט זיך אים שטענדיק, אַז די זון שיינט.

— אַז ס'איז דאָ פרייד אין לעבן, זענען נישט פאַראַן קיין טריבע טעג, — האָט דער פאַרבער־אַרבעטער אויסגעפירט, — שיינט שטענדיק די זון.

# דאָס פּוילישע וועבער-שיפל

די אַלטע שטאָט פון די וועבער — לאָדזש, האָט די לעצטע יאָרן באַקומען אַ נייע באַצייכענונג — די שטאָט פון פאַבריקן און הויז-שולן. דאָס איז איצט דער ווי-קלעכער אינהאַלט פונעם פּראָדוקטיוון, שעפערישן לעבן פון דער שטאָט.

די פאַבריקן און הויכשולן זענען נישט אָפּגעטיילט פון זיך, ווי אַמאָל. היינט דערגענצן זיי זיך איינאַנדער. דער אַרבעטער אין דער פאַבריק ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ וויסנשאַפטסמאַן, און פאַרן שטודירנדיקן און געלערנטן פון דער הויכשול איז די פּראָדוקציע פון דער פאַבריק דער שטאָף אויף צו לערנען זיך און פאָרשן. די אַרבעטער און וויסנשאַפטלער בילדן איין קאָלעקטיוו. צוזאַמען טרייבן זיי דאָס לעבן פאָרויס, מאַכן עס שענער, דערהויבענער.

די קאָמיסיע ביים לאָדזשער פּאָליטעכניקום, וואָס אַרבעט צוזאַמען מיט די ראַציאָנאַליזאַטאָרן-קלובן, האָט אין פאַרלויף פון איר האַלביעריקער עקזיסטענץ באַטראַכט 93 ראַציאָנאַליזאַטאָרישע אויפטוען פון די אַרבעטער. אינטערעסאַנ-טערע, באַלערנדיקע אויפטוען ווערן קאָלעקטיוו דעמאָנסטרירט און באַהאַנדלט.

מיט אַ צייט צוריק איז פאַר לאָדזש, דעם טעקסטיל-צענטער, פונקט ווי פאַרן גאַנצן לאַנד, אויפגעקומען זייער אַן ערנסט פּראָבלעם. אַמעריקע האָט צוריקגע-האַלטן דאָס אַרויסשיקן קיין פּוילן דאָס שוין אָפּגעצאָלטע און אַפילו אַוויזירטע קאָרנעל- און פערסימאָן-האָלץ, וואָס ווערט באַנוצט אין דער טעקסטיל-אינדוס-טריע אויף אויסצואַרבעטן וועבער-שיפלעך.

דאָס וועבער-שיפל איז דער דופק פון דער טעקסטיל-פּראָדוקציע. קיין איין מעטער געוועב קאָן נישט אויסגעאַרבעט ווערן אָן דער צירקולאַציע פון וועבער-שיפל, אָן דעם קאָן דער שטאָף נישט געוועבט און געפלאָכטן ווע־ן.

די אַרבעטער פון דער לאָדזשער פאַבריק פון וועבער-שיפלעך האָבן גענומען איבערשטעלן די פּראָדוקציע, פּרווונדיק נייע, אינערלעכע רוישטאָפן. דער ערש-טער פּרוּוו איז געמאַכט געוואָרן פון בוקן-האָלץ, דאָס שיפל האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר נישט גענוג שטאַנדהאַפטיק. עס זענען געווען אַזעלכע, וועמען דער נישט גע-לונגענער פּרווו האָט אָפּגעקילט די פאַנטאַזיע.

נאָר די לאָדזשער וועבער האָבן נישט רעזיגנירט. צוזאַמען מיט די וועבער האָבן זיך מיט דעם פּראָבלעם פאַרנומען די טוער פון די צענטראַלע פאַרוואַלטונ־גען פון די באַזונדערע געביטן פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע.

עס איז געמאַכט געוואָרן אַ נייער פּרוּוו, זייער אַ ראַדיקאַלער. אַנשטאָט האָלץ, האָט מען באַנוצט אַ לייכטן מעטאַל. דאָס שיפל גופא איז געווען געגוג שטאַנדהאַפטיק. אָבער נאָך אַ סך פּרוּוון און עקספּערימענטן ביי דער אַרבעט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס טראָגט אין זיך אַ געפאַר פאַר דער פּראָדוקציע. לויפנדיק הין און צוריק אין דער קאַריטע פון דער וועבשטול, רייבט זיך דער מעטאַל אָן אין די ווענטלעך, און פון דעם ווערט ער אַזוי שטאַרק דערהיצט, אַז ער קאָן אָנצינדן די קעטע. אַפילו דער אויפטו צו מאַכן לעכלעך אינעם שיפל, כדי צו־צילאָזן לופט און דערמיט עס אָפּקילן, האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר נישט ווירקזאַם.

עס זענען געמאַכט געוואָרן פּרוּוון אויסצואַרבעטן שיפלעך פון באַקעליט און אינעליט. אָבער זיי זענען געווען נאָך שוואַכער פון די שיפלעך, וואָס זענען גע־מאַכט געוואָרן פון בוקן־האָלץ.

אין פאַרלויף פון דער גאַנצער צייט פון די זוכענישן און עקספּערימענטן, האָבן דער בריגאַדיר פון דער לאָדזשער פאַבריק פון וועבער־שיפלעך י. וויקאָ און דער מייסטער א. שפּיקאָווסקי אומדערמידלעך געאַרבעט איבער דעם פאַר־פעסטיקן די קאָנסטרוקציע פונעם בוקן־האָלץ. זיי האָבן געפּרוּווט דאָס האָלץ אויף פאַרשידענע אופנים צו אימפּרעגנירן — כעמיש אַדורכזאַפּן עס מיט פּליסיקייטן, אָבער אויך דאָס האָט קיין גוטע רעזולטאַטן נישט געגעבן.

דער דאָזיקער געדאַנק האָט זיי דערפירט צו אַ נייעם עקספּערימענט, און דאָס איז טאַקע געווען דער ראַדיקאַלער און ענדגילטיקער. די אויפגאַבע איז גע־לעזט געוואָרן. דאָס שיפל פון בוקן־האָלץ איז אַרומגעקלעפּט געוואָרן מיט פּיב־רע און האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר פּראַקטיש און שטאַנדהאַפטיק אין אַלע פּרטים.

כדי אָבער די פּראָדוקציע זאָל קאָנען גיין אָן איבעררייס, האָט מען געמוזט בייקומען נאָך אַ שוועריקייט. צוליב דער פייכטער לופט אין די אַרבעטס־האַלעם איז צום קלעפּן די וועבער־שיפלעך באַנוצט געוואָרן אויסלענדישער קליי — קאַו־ריט. אויך דאָס אַרטיקל האָט מען אויפגעהערט צוצושטעלן אין לאַנד אַריין. נאָכן אָנווענדן פאַרשידענעם קליי, וואָס האָט נישט געבראַכט די נייטיקע רעזול־טאַטן, האָבן זיך די לאָדזשער טעקסטיל־אַרבעטער פאַרבונדן מיטן טעכנאָלאָגיש האָלץ־אינסטיטוט אין בידגאָשטש, וועלכער האָט אויסגעפונען אַזאַ סאָרט קליי, וואָס פאַרמאָגט נישט קיין ערגערע אייגנשאַפטן פון דער קאַוריט־קליי.

אָט אַזוי איז געשאַפן געוואָרן דאָס נייע פּוילישע וועבער־שיפל.

# גרויסע אַמביציעס

ווער געדענקט נישט אין לאָדזש דאָס געוועלבל אויף דער וויענצקאָווסקי־גאַס, ווו עטלעכע אַרבעטער זענען געשטאַנען אַריבערגעבויגן איבער פוטערלעך, זיי צוזאַמענגעשטעלט, געגייט פון זיי מלבושים? דאָס איז געווען די ערשטע צייט נאָך דער מלחמה. די פּאָר מענטשן איבער די פוטערלעך זענען נישט געווען פאַרזונקען אין טרויעריקע מחשבות, ווי אין אַמאָליקע צייטן, ווען זיי האָבן געלעבט מיט דער מורא, אַז אָט ענדיקט זיך דער סעזאָן און מען בלייבט אָן אַרבעט. דאָס זענען געווען גרויסע טרוימען וועגן וווקס, ווייל אין נייעם פּוילן זענען צוגעקומען נייע אָפּנעמער פון פוטערוואַרג — דער אַרבעטער און פויער.

פון די דאָזיקע חלומות איז אויסגעוואָקסן אויף דער פּיעטרקאָווער גאַס 83 אין אַ פּירשטאָקיקער געבייידע דער קירזשנער־קאָאָפּעראַטיוו, וואָס דערמאָנט שטאַרק אין אַ פאַבריק. עטלעכע פון יענע ערשטע אַרבעטער זענען אַליין מיט־געוואָקסן מיט דער אַנטוויקלונג פון קאָאָפּעראַטיוו. עליע קאַפּעמאַן איז דער לייטער פון דער גרויסער אונטערנעמונג, מאָניעק ראָזענבערג איז סעקרעטאַר פון דער גרונטיקער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע און בריגאַדיר פון דער קירזשנעריי. איצט ווערט נעבן דער גרויסער געבייידע צוגעבויט אַ נייער פּירשטאָקיקער פליגל, ווו עס וועלן אַרבעטן נייע וואַרשטאַטן. דער קאָאָפּעראַטיוו „קירזשנער" האָט שוין אויך אַן אייגענע גאַרבעריי, ווו בריגאַדיר איז איינער פון די ערשטע אַרבעטער פון דער־מאָנטן געוועלבל דער חבר פרידמאַן. איצט האַלט עס ביי דעם, אז דער קאָאָפּע־ראַטיוו זאָל פאַרלייגן אן אייגענעם קרוליקעס־צוכט. די ערשטע פּאַרטיע קרוליקעס וועט באַשטיין פון 2 טויזנט שטיק. דאָס פלייש וועט צוגעשטעלט ווערן דער מלוכה און די פוטערלעך וועלן גיין פאַר די אייגענע וואַרשטאַטן.

מיט דעם זעלבן שווונג האָט דער קאָאָפּעראַטיוו אָנגעהויבן פירן די קול־טור־אַרבעט. עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן פון די פעיקסטע אַרבעטער פון קאָאָפּע־ראַטיוו אַ דראַמאַטישער קרייז, וועלכער שטעלט די רעוואָלוציאָנערע פּיעסע פון פרידריך וואָלף „טאַי יאָנג דערוואַכט".

קיינעם פון די אָנטיילנעמער האָט נישט אָפּ די מידקייט, נישט דאָס. וואָס זיי וויזען אין ווייטע גאַסן און אַפילו אין דערבייאיקע שטעטלעך. דריי־פיר מאָל אַ וואָך קומען סיסטעמאַטיש פאָר די פּראָבן, און קיינער פאַרפעלט נישט.

האַלינאַ זאַיאָנץ, וואָס נייט איצט פוטער ביי דער מאַשין, וועט פאַרנאַכט ווערן די הויפּט־העלדין פון דער פּיעסע, דאָס כינעזישע מיידל מאַי יאַנג, וועלכע שטעלט זיך איין שפּיין פון קאַמף קעגן די כינעזישע פאַבריקאַנטן. דער הויפּט־בוכ־האַלטער וואַלפיש וועט ווערן דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער וואַן. דער צושנייי־דער גזשיבעק וועט ווייזן די כיטרעקייט פון פאַבריקס־דירעקטאָר טשו־פו. די אויס־פּערטיקערין וואָדאַרטשיק וועט ווערן דאָס מיידעלע מאַ און ווייזן, ווי די כינע־זישע קינדער זענען פאַר דער באַפרייונג געוואָרן ברוטאַל אויסגענוצט פיזיש און מאָראַליש; דער שניידער יאַנעטשעק וועט שפּילן דעם כינעזישן זיידע, דער שאַפער מייכער וועט ווייזן די לאָקייאישע פאַרקויפטקייט פון פענגען, סטעפּאַ־נאָווסקי וועט פאַרשטעלן דעם פּיפּיקן ענגלענדער אייכמאַן. די אַרבעטערינס עפּעלבוים, ווינטער, רעדלינסקאַ, פּאַיאָנק און נאָך אַנדערע וועלן שפּעטער אַרוים פון דער כינעזישער פאַבריק און אונטער דער אָנפירונג פון די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער ברענגען דעם זיג דעם כינעזישן פאָלק.

אויף דער גענעראַל־פּראָבע זענען אָנוועזנדיק געווען פאָרשטייער פון נאַ־ציאָנאַל־ראַט, פון דער פּרעסע, ליטעראַטן און אַרטיסטן, פּראָפּפאַריין און אַר־בעטס־אונטערנעמונגען. די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער פון קאָאָפּעראַטיוו און די אַרבעטער האָבן אין אַ יום־טובדיקער שטימונג אויפגענומען די געסט, וואָס זענען געקומען צו זייער אַרבעטער־שמחה. סצענע נאָך סצענע האָבן זיך באַוויזן: די כינעזישע אַרבעטער־פאַמיליע אין לייס־שטיבל, דער פאַבריקאַנט אין זיין לוקסוס־סאַלאָן, די באַגעגעניש פון די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער אינעם פאָרט־רעסטאָ־ראַן, דער בונט אין דער פאַבריק. אין די סצענעס האָט אויפגעלעבט דער קאַמף פון די כינעזישע אַרבעטער.

# אין ווישניאָווע-גורער וואַלד

גלייכע, שטאָלצע, געדיכט איינער נעבן צווייטן, שטייען די הויכע סאָסנע־בײמער. די פייגל, וואָס זינגען אין זייערע צווייגן, קאָנען דערציילן וויפל יאָרן זיי האָבן אַזוי אומזיסט געזוכט און גערופן די ראַכיטישע קינדער פון דעם נישט ווייטן שטיקנדיקן לאָדזש, אַז זיי זאָלן קומען אַדורכלופטערן זייערע לונגען, מחיה זיין זייערע אויסגעדאַרטע גלידער.

דער וואלד ביי ווישניאָווע־גורע איז נאָר איינער פון א גאנצן וואַלד־קאָמ־פּלעקס, פון אַ גאַנצער וואַלד־קייט, וואָס שפּרייט זיך אויס אויף לאַנגע קילאָמע־טערס. אָט ענדיקט זיך איין וואַלד און באַלד הייבט זיך אָן אַ פרישער. איינער איז שוין אַן עלטערער, אַ׳ בכבודיקער אין יאָרן, און אַ צווייטער איז אַ יונג וועלדל מיט נידעריקע, נאָך גרינע שטאַמען. אָבער שוין יונגערהייט זענען זיי געדיכט אַרומגעבעט מיט פעטע נאָדלען און טיילן פון זיך אויס מיט דער גאַנצער ברייט־האַרציקייט, מיט גרויס שפע דעם זאַפטיקן ריח. שעהן לאַנג קאָן מען דאָ ארומ־בלאָנדזשען און אָנטרעפן אויף באַזונדערע משפּחות, באַזונדערע דורות וועלדער. אַלטע מיט שוין אַ ביסל אויסגעקרומטע ביימער און מיט דאָ און דאָרט שוין איינגעדאַרטע צווייגן, מיטליעריקע, ווו די ביימער שטייען שלאַנקע, קרעפטיקע און שטורמען מיט זייערע קרוינען, און נאָך גאָר יונגע מיט פולכגע ביימלעך. אַ גאַנצע היעראַרכיע וועלדער פון זיידעס, קינדער און אייניקלעך, און אין אַלע זינגען די פייגל, שפרינגען די וועווערקעס. אַלע שיינען מיט גרינס און זון, אַלע טראָגן פאַנאַנדער זייער זינגענדיק גערויש און לאָקן מיט זייער דופט.

די דאָזיקע מוזיק און פרייד פון דער זוניקער, שמעקעדיקער נאַטור איז ביי די לעצטע יאָרן צו די לאָדזשער קינדער נישט דערגאַנגען, הגם פון די וועלדער ביז לאָדזש איז בלויז צוועלף קילאָמעטער. אין לאָדזש איז אויסגעוואַקסן אַן אַנ־דערער וואַלד — אַ וואַלד פון קוימענס, וואָס האָט אָנגעפילט די שטאָט מיט רויך און סאַזשע, און דאָס איז געווען די לופט, מיט וועלכער די קינדער האָבן גע־אָטעמט. די לאָדזשער פאַבריקאַנטן האָבן פון דעם רויך, וואָס זייערע פאַבריקן האָבן אַרויסגעגעבן, נישט געליטן. דעם רויך האָבן זיי געשאָנקען די אַרבעטער און פאַר זיך האָבן זיי גענומען דאָס גאָלד, וואָס די פּראָדוקציע פון די פאַבריקן

האָט אַריינגעבראַכט. און אַז די שלעכטע לופט זאָל זיי נישט שאַטן, האָבן זיי זייערע שטאָטישע פּאַלאַצן אַרומגעפּלאַנצט מיט פּאַרקן פון גרינס און בלומען, אויף לאַנגע הדשים איז מען אַוועקגעפאָרן אין די אויסלענדישע קור־ערטער און בעדער, אָבער אויך די שיינע וועלדער אַרום לאָדזש האָבן זיי נישט פאַרזען. דאָס האָבן זיי געדאַרפט אַלס דאַטשעס אין דער צייט פון איין קוראָרט און צווייטן. אַלס איינע פון די ערשטע דאַטשעס האָבן זיי טאַקע אויסגעקליבן דאָס דאָרף ווישניאָווע־גורע. זייער גיך איז ביים ראַנד פון וואַלד אויסגעוואַקסן אַ לאַנגע ליניע פון פּרעכטיקע ווילעס מיט גלעזערנע וועראַנדעס. ביינאַכט, קוקנדיק פון וואַלד, האָט די ריי גלעזערנע וועראַנדעס אויסגעזען, ווי אַ לאַנגער צוג באַלויכטענע טראַמווייען, וועלכע טוקן זיך צווישן די וועלדער.

געניטע געשעפטסלייט האָבן דערפילט דעם פעטן ביסן, וואָס מען קאָן אַריינכאַפּן פון דער דאַטשע אויף ווישניאָווע־גורע, און זיי האָבן אָפּגעקויפט מאָרגעס ערד ביי די אָרטיקע באַלעבאַטים און אויפגעשטעלט ווילעס. עס זענען אויסגעוואַקסן ווילעס נאָענט פון וואַלד און ווייטער פון וואַלד, טיפער אין דאָרף אַריין. רעסטאָראַטאָרן און יונגע נגידישע איידעמס האָבן פאַר זייערע גדנס איינגעאָרדנט פּענסיאָנאַטן.

דאָס דאָרף ווישניאָווע־גורע האָט באַקומען אינגאַנצן אַן אַנדער אויסזען, ווי די אַלע אַרומיקע דערפער. עס זענען דאָ מער נישט געווען קיין גרעסערע אַקער־ און פּאַשע־פעלדער. דער גרעסטער טייל באַפעלקערונג איז באַשטאַנען, באַזונדערס זומער, פון שטאָטישע איינוווינער. דאָס זענען געווען די פאַמיליעס פון פאַבריקאַנטן און סוחרים, וואָס זענען מיד געוואָרן פון אַ גאַנץ יאָר ליידיקגיין. קיין אַרבעטער האָט דאָ נישט געקאָנט אַהערקומען זיך אָפּרוען. נישט ער האָט געקאָנט זיך דינגען אַ צימער אין אַ ווילע און נישט ער האָט געקאָנט זיך איינאָרדענען אין אַ פּענסיאָנאַט, ווו נישט נאָר דאָס עסן האָט געקאָסט פילפאַכיק טייערער, נאָר עס האָט אויך געקאָסט יעדער לעפל לופט.

אָרעמע מענטשן פון דער שטאָט האָט מען דאָ אויך געזען, אָבער דאָס זענען געווען די, וואָס האָבן באַגאָסענע מיט שווייס אַהערגעשלעפּט פּעק און קוישן. נישט אויף אָפּצורוען זיך זענען זיי דאָ אַהערגעקומען, נאָר זיך אָנצומאַטערן. וועלנדיק פאַרדינען אַ פּאָר גראָשן, האָבן זיי מיט זייערע פיס און פּלייצעס קאָנקורירט מיט דער באַן און צופאָר־ברימשקעס, צושטעלנדיק פאַר ביליקער מילכיקס און אויבסט אין די פּענסיאָנאַטן.

גאַנצע טעג האָט דער וואלד געהערט רעדן וועגן עסן, וועגן מאָדעס, קריגערייען איבער קאָרטן. אָבער דאָס אויך נאָר א קליינער טייל פון וואלד — דער ראַנד, דער ברעג. טיפער אין וואלד אריין האָבן די איבערגעגעסענע, זאָרגלאָזע, זעלבסטצופרידענע מענטשן נישט געוואגט צו פארקריכן. און דער גרויסער ווישניאָווע־גורער וואלד און די ארומיקע וועלדער זענען געווען פוסט, האָבן געלעבט

פאר זיך. עס האָבן אין זיי נאָר געזונגען די פייגל, געשיינט די זון און געקנאַקט די אראָפּפאַלנדיקע שישקעס און טרוקענע צווייגן. פויערים האָבן דורך די וועלדער זיך פארקירצט דעם וועג פון איין דאָרף אין צווייטן. פון נויט האָבן זיי אויך, היטנדיק זיך פאר די וואלד־וועכטער, געקליבן יאגעדעס און האָלץ אונטער דער געפּאר צו באַקומען שמיץ און אנדערע שטראָפן. דער ווישניאָווע־גורער וואלד איז אויך שפּעטער געוואָרן ארומגעצוימט, און אויב עמעצער, וואָס האָט נישט געוווינט אין די ווילעס און פּענסיאָנאַטן, האָט געוואָלט אַריינגיין אויף אַ פּאָר שעה כאַפּן א ביסל לופט, האָט ער געמוזט געבן א ספּעציעלן אָפּצאָל פאַרן אריינטריט.

מיטן איבערנעמען דורכן ארבעטנדיקן פאָלק די מאַכט ביי אונדז אין לאנד האָט זיך אויך אין ווישניאָווע־גורע אָנגעהויבן א נייע לעבן. דער גרעסטער טייל ווילעס, וואָס די היטלעריסטן האָבן חרוב געמאַכט, זענען צוריק אויפגעבויט און אויפגעפרישט געוואָרן. עס זענען אויפגעשטעלט געוואָרן נייע ווילעס און גרויסע פילפּענצטער־דיקע בּאַראַקן, און מיט דער לופט פון ווישניאָווע־גורע און ארומיקע וועלדער האָבן אין די טויזנטער אָנגעהויבן צו אָטעמען די לאָדזשער ארבעטער־קינדער. די גרעסטע לאָדזשער פאבריקן און אָרגאניזאציעס האָבן זיך איינגעשאַפן אין ווישניאָווע־גורע גאַנצע געביטן, און אָנהייבנדיק שוין פון פרי־לינג, שיקן זיי ארויס די קינדער פון זייערע ארבעטער אויף די קאָלאָניעס.

יעדע קאָלאָניע האָט זיך איר סיגנאַל, וואָס רופט די קינדער צום עסן, אויף אַן אויספלוג, אויף א שפּיל, אויף א קולטור־אימפּרעזע. איינע האָט א פאָנפאַר, איינע א טרומייטער, איינע א פּייקל און אַן אנדערע א דין פייפל. עס זענען אויך פאראן גלאָקן מיט שווערע, גראָבע קלאַנגען און דינע גלעקלעך, ווי א קינדעריש געלעכטער. זייער פאַרשידן און זייער פיל זענען די טענער און מעלאָדיעס פון די סיגנאַלן. עטלעכע מאָל א טאָג רופן זיי זיך איינס אײינער נאָכן צווייטן און טיילמאָל אויך צוזאמען. דעמלט שפּילט אויף אין דער לופט איבערן גאַנצן דאָרף און עס הילכט אָפּ אין וואלד א סימפאָנישער קאָנצערט פון פאַרשידענע אינסטרומענטן און קלאַנגען. דאָס איז אַ קאָנצערט, וואָס שפּילט אויס די פרייד פון קינדער אויף דער פרייער נאַטור.

די דאָזיקע קאָנצערטן, וואָס ווערן אויך באַגלייט מיטן געזאַנג פון די קינ־דער, הייבן זיך אָן פון באַגינען, מיטן אויפהייבן זיך פון די געלעגערס, און אזוי הערט מען זיי עטלעכע מאָל א טאָג. מיט דער מוזיק ווערן די קינדער גערופן צום עסן, שטייען אויף פון אָפּרו, ווערן צונויפגערופן אויף א פאַרווייליגנג; מיט דער מוזיק און פרייד מאַרשירט די עלטערע יוגנט פון א קאָלאָניע אין א שכנות־דיקן דאָרף צוצוהעלפן אראָפּנעמען די גערעטעניש.

פון צייט צו צייט ווערט דער טאָג אויף א קאָלאָניע פארענדיקט מיט א שייטער. די קאָלאָניסטן שטייען ארום די כּטויגן טרוקענע צווייגן, וואָס הורזשען

אין א פרייליך געקנאַקעריי, און די צעזונגענע פלאַמען פלאַטערן, ווי רויטע פענער, און באַלייכטן דעם בין־השמשות אין דאָרף. אינעם קרייז פון דעם ליכט זינגט מען לידער, מען רעציטירט געדיכטן, מען דערציילט די נייעסן, וואָס קומען פאָר אין לאַנד און אויף דער וועלט.

אין די ווילִיעס פון ווישניאָווע־גורע און אין די דערנעבנדיקע דערפער — קראַשעוו, סטרוזשעוו, יוסטינווו א. אַנד. וווינען היי־יאָר אויך דאַטשע אויך הונ־דערטער יידישע ארבעטער־פאמיליעס. מען קאָן דאָ טרעפן דעם גרעסטן טייל פאמיליעס פון די קאָאָפּעראַטיוו־ארבעטער און אויך פיל פון די פאבריקן.

און די גרויסע וועלדער זענען גאַסטפריינדלעך פאר אלעמען. די פייגל און די צווייגן זינגען מער נישט אזוי בענקענדיק, זיי זענען פרייליכער געוואָרן פון דעם קינדערישן געלעכטער. יעדעס מאָל, ווען עס גיט, ווי א פּאַנטאַן, א שפּרונג אַרויף די פּילקע צום שפּיץ פון בוים, און צוזאמען מיט דעם דער געשריי פון די קינדער, דאַכט זיך, אז אויך די וועווערקע אין דער הייך גיט א שפּרונג אונטער מיט אויסגעשטרעקטע לאַפּקעלעך און וויל כאַפּן די פּילקע און זיך מיטשפּילן. דער ווישניאָווע־גורער וואלד איז פרייליכער געוואָרן, האָט גענומען רעדן מיט א נייער שפּראַך, זינגט מיט א ניי געזאַנג.

רעז

# אין אַ פּאַלאַץ

מיר פאָרן אין דער געדיכטעניש צווישן טאָפּאָליעס, סאָסנעס, בעריאָזעס, צווייגן בייגן זיך אַריבער איבער אונדזערע קעפּ אין דער אָפענער מאַשין, שנעלן אונדז אין די אויערן מיטן צוויט. אַ הערלעכע, פאַרביקע לאַנדשאַפט וויקלט זיך פאַנאַנדער, און עס גייט אויף דער ריח פון וואַלד און פעלד.

יעדער אויף דער מאַשין, וואָס ווייסט עפּעס צו דערציילן, האַלט פאַר זיין חוב צוצוואַרפן אַ שיין וואָרט, מורא האָבנדיק, אַז עס זאָל נישט עפּעס פאַרלוירנגיין פון דער שיינקייט, ווען מען רעדט וועגן דעם פּאַלאַץ און „הוטאַ דלוטאָווסקאַ“. נאָר וואָס ווייטער אַלץ ווייניקער רעדט מען, ווייל מיר פאָרן צו נענטער צום פּאַלאַץ, און דאָ, אין אָנבליק פון דער געגנט, פאַרלירן די ווערטער זייער שיינקייט.

פונדערווייטנס פלאַמט אַרויס פון געדיכטן גרינס אַ רויטער דאַך. דער פלאַם שפּילט זיך מיט אונדז: אָט גייט ער אויף און אָט פאַרשווינדט ער, ווי אַ פאַרכישופט פייערל. די מאַשין יאָגט זיך נאָך אים, לויפט אויף די שמאָלע געדרייטע וועגן צווישן גרינס, ביז זי פּאַקט אים. מיר בלייבן שטיין פאַרן פּאַלאַץ.

דער פּאַלאַץ האָט ביז דער מלחמה געהערט צום דייטשישן מאַגנאַט פון לאָדזש קאַראָל אייזערט. נאָך דער מלחמה האָט אים איבערגענומען די „זעלבסט־הילף פון פויערים“. ווינטער קומען דאָ פאַר לעקציעס, די פויערים לערנען זיך. און אויפן זומער האָבן זיי אים איבערגעגעבן דעם יידישן וואָיעוואָדישן קאָמיטעט אין לאָדזש, וועלכער האָט איינגעאָרדנט די קאָלאָניע פאַר די קינדער פון פאָרשול־עלטער.

די פּריצים און מאַגנאַטן, מוז מען מודה זיין, האָבן געוווּסט, ווו און ווי־אַזוי איינצואָרדענען זייער וווילטאָג און פאַרגעניגן. אַן אַרבעטס־מענטש, און באַזונדער אַ יידישער, האָט אַוודאי ביז דער מלחמה נישט געוווּסט, אַז פּוילן פאַרמאָגט אַזעלכע שיינע ווינקעלעך. אַז אַ קינד פון זיין שטאַנד האָט אַמאָל דאָ אַהער פאַרבלאָנדזשעט, האָט עס נאָר געקאָנט אויפגענומען ווערן פון דעם

גרויסן יאַגד־הונט, וועלכער האָט אים צוריקגעשיקט מיט אָפּגעריסענע הייזעלעך און מיט שפּורן פון זיינע ציין אויפן לייב. הייגט איז דער הונט מיט זיין פריץ בלויז דאָ געבליבן אויף אַ בילד אויף דער וואַנט.

די זאַלן גלאַנצן פון ריינקייט און שיינקייט. עס שטייט נאָך אַ קאַמין פון אַמאָליקן פּריצישן סטיל. צוויי צימערן זענען אָפּגעטיילט מיט אַ גלעזערנער טירן־וואַנט, וועלכע מען קאָן צערוקן אין די זייטן, און פון ביידע ווערט איין גרויסער זאַל. דאָ האָבן די פּריצים געפּראַוועט זייערע הוליאַנקעס, און דער יידישער אַרענ־דאַר איז אפשר דאָ געווען געצוווּנגען, אָנגעטאָן אין אַ בערן־פעל, צו טאַנצן מה־יפית. הייגט טאַנצן דאָ אַרום אונדזערע קינדער מיט דער פרייקייט פון באַ־לעבאַטים, שפּיגלען זיך אין דער פּראַכט, שפּילן זיך אויף דער גרויסער, גע־מויערטער וועראַנדע, אין וועלכער עס שיינט אַריין די זון און טויזנטער פאַרבן פון בלומען. ביינאַכט, אויף די ווייסע, ריינע געלעגערס, אָטעמען זיי אין זיך אַריין די ריחות פון די בלומען און פון די גאָרטנס וועלדער אַרום.

אין דעם פּאַלאַץ געפינען זיך גאָר אַ טייל פון די קינדער. זיי שלאָפן דאָ בלויז. אַ ביסל ווייטער איז פאַראַן אַ צווייטער פּאַלאַץ אַזאַ, אַרומגערינגלט מיט אַ גרויסן פּאַרק, מיט וועלדער, וואָס ציען זיך אויף ווייטע קילאָמעטערס. אין דעם קעניגרייך פאַרברענגען אַלע קינדער דעם גאַנצן טאָג. די קליינע פּריצות און פּריצימלעך, קינדער פון אַרבעטער, אין אַ צאָל פון העכער הונדערט, טרעפן מיר דאָ פיין אָנגעטוענע, ריינע, מיט אויסגעקעכלטע, פאַרביקע בעקעלעך.

צווישן די דערציערינס זענען פאַראַן צוויי עוואס: אַ יידישע עווא און אַ פּוילישע עווא.

די צווייטע עוואַ, די פּוילישע, איז נישט דאָס ערשטע מאָל צווישן יידישע קינדער. אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע איז זי מיט זיי געווען אין אַ קלויס־טער. דאָרט זענען אויך געווען העכער הונדערט קינדער. דעמאָלט האָט זי נישט געטאָרט וויסן, אפילו נישט טראַכטן, אַז דאָס זענען יידישע קינדער. אין קלויס־טער זענען איינמאָל אַריינגעקומען היטלעריסטן און געדראָט, אַז זיי וויסן, אַז דאָ באַהאַלטן זיך אויס יידישע קינדער און מען וועט זיי אַלע אומברענגען. זי האָט געציטערט, אַז עמעץ פון דעם קליינוואַרג זאָל זיך נישט פאַרראַטן. אָבער אַלע בלאַסע פּנימלעך האָבן זיך געהאַלטן גאַמירלעך, אומשולדיק, און קיין איינס איז נישט אַרויס מיט קיין געוויין.

אין גאָרטן שטייען צוזאַמענגעשטעלט לאַנגע רייען נידעריקע טישעלעך און בענקעלעך, און עס איז שיין צו זען, ווי דאָס קליינוואַרג, איינגעהילט אין שאָטן פון ביימער, פּראַוועט אַ מאָלצייט. לאַנג קיין צייט צו פאַרברענגען ביי די טיש־לעך האָט קיינס נישט: — איין גרופּע האָט די דערציערין איבערגעריסן אינמיטן פון אַ שיינער מעשה. אַ צווייטע דאַרף באַלד גיין זיך שפּילן אין וואַלד אַריין.

די עלטערע קינדער האָבן נישט פּאַרעניקט די „מלחמה“. זיי דאַרפן וואָס שנעלער כאַפּן דעם „שונא“. נאָר די הילצערנע פערדלעך שטייען שוין אָנגעזאָטלטע, און אַז זיי וועלן זיך געבן אַ לאָז אין גאַלאָפּ, וועט ער שוין, דער „שונא“, נישט אַנטרונען ווערן.

צו די מעשיות פון טויזנט און איין נאַכט איז צוגעקומען נאָך איינע — וועגן גזלנים, וואָס זענען אָנגעפאַלן אויף פעלקער און געוואָלט זיי אומברענגען. האָט מען די גזלנים אַרויסגעטריבן פון די פּאַלאַצן און דאָרט באַזעצט די קינדער, וואָס די גזלנים האָבן זיי געוואָלט אויסהרגענען. דאָס מעשהלע איז מיט דעם אַנדערש פון יענע, וואָס עס איז נישט בלויז באשריבן אין די ביכלעך, נאָר איז פאָרגעקומען אין לעבן, אויף אונדזערע אויגן, און די העלדן דערפון, פון דעם מעשהלע, קענען מיר, — דאָס זענען אונדזערע קינדער.

# דער עקזאַמען פון טאַטעס און מאַמעס

מענטשן אין עלטער פון פערציק און איבער פערציק, טייל אַפילו אין די פופציקער, האָבן איבערגעלעבט אַ פרייד, וואָס איז אייגן נאָר קינדער. אָט די באַיאָרטע מענטשן, טאַטעס און מאַמעס, און ווען מען זאָל גוט זוכן, וואָלט מען אויך געקאָנט געפונען אַזעלכע, וואָס וועט שוין בקרוב מסתמא ווערן א זיידע, האָבן דאָ באַקומען שול-צייגענישן, אַז זיי האָבן געענדיקט דעם 7-טן, 6-טן, 5-טן, 4-טן קלאַס, און אַז זיי גייען אַריבער אין העכערע קלאַסן. פונקט ווי זייערע קינדער, האָבן זיי אומגעדולדיק געקוקט צום פרעזידיום-טיש, אויף וועלכן עס זענען געלעגן שפּוּיסן ביכער, און מיט גרויס איבערלעבעניש געוואַרט, ווען די לייטערין פון דער אָוונט-שול וועט פרעמירן מיט א בוך, און ווער עס וועט אויסגעצייכנט ווערן פאַר די גוטע רעזולטאַטן אין דער לערע.

די אָוונט-שול פאַר דערוואַקסענע ביים לאָדזשער קולטור-געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד איז געעפנט געוואָרן נאָך אין יאָר 1949. נאָכמיטאָג, ווען די בענק אין די קלאַסן פון דער יידישער מלוכה-שול זענען באַפרייט געוואָרן פון די יונגע שילער, האָבן זיך אויף זיי אוועקגעזעצט מיטליעריקע און עלטערע ארבעטער. זיי זענען געקומען גלייך פון די אַרבעטס-וואַרשטאַטן און האָבן אַרויסגעלייגט אויף די לאַנגע טישלעך זייערע העפטן און לערנביכער. צווישן די שילער אויף די נידעריקע שול-בענק האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן אַריין די גרויסע צאָל ברילן און גרויע פאַסן האָר, וואָס דערציילן וועגן שווערע איבערלעבונגען.

עס וואָלט געווען נישט ריכטיק צו זאָגן, אז די אלע מענטשן האָבן נישט אַדורכגעמאַכט קיין שול. זיי האָבן געהאַט אַ שטרענגע לעבנס-שול פון שווערער האָרעוואַניע און פון אַרבעטלאָזע, הונגעריקע יאָרן. אָבער זיי האָבן אויסגענוצט יעדע געלעגנהייט אַריינצוכאַפּן אַ ביסל וויסן: צווישן איין אַרבעטס-סעזאָן און צווייטן, צווישן איין שטרייק און אַנדערן. אָבער אָנשטאָט אַריינצוקומען אין אַ שול, זענען זיי אַריינגעפאַלן אויף דער מאַרגאָווע און גדאַנסקע (תפיסות פון פּאָליטישע אַרעסטירטע אין לאָדזש).

דאָס זענען דערפאַרענע מענטשן מיט אַ סך געזעלשאַפטלעכער פּראַקטיק. אויף דעם געביט האָבן פיל פון זיי געענדיקט מער ווי 8 קלאַסן און איצט ווילן זיי אויך קענען רעדן מיט דער פעדער אויפן פאַפּיר, זיי ווילן אַרויסלייענען פון בוך דאָס, וואָס זיי קאָנען נישט געגוגנדיק פון אויסנווייניק. די פּאָליטישע בילדונג, דער לעבנס-אוניווערסיטעט האָט אַ טייל פון די דאָזיקע מענטשן צוגעגרייט, אַז זיי זאָלן ביי דער הייגטיקער פאָלקס-אָרדענונג קאָנען איבערנעמען אָנפירנדיקע אַמטן אין ווירטשאַפטלעכן, פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן. מיט דער לערע איצט פאַרפולקאָמען זיי זיך אין זייער אַרבעט.

די הענט פון די דאָזיקע מענטשן, וואָס זענען בלויז געוווינט געווען צו אַרבעטן ביים וועב-שטול, די הענט, וואָס האָבן נאָר געקאָנט האַלטן דעם האַמער אָדער זעג, האַלטן שוין איצט רואיק, זיכער די פעדער. טייל מענטשן, וועלכע האָבן אַלס קינדער נישט געהאַט די געלעגנהייט איינצושמירן זיך די פינגער מיט טינט, טוען עס איצט. דער טינט לאָזט זיך לייכט אָפּרייניקן און דעם מענטש אָבער ווערן די הענט אויפגעבונדן און עס ווערט אים ליכטיק אין קאָפּ.

# די שניידער פון פּיעטרקאָוו

ער האָט געאַרבעט ביי פּאַרשידענע מייסטערס, אָבער אין ערגעץ זיך נישט לאַנג געהאַלטן. פון די קלענערע מייסטערס איז ער שנעל אַוועק, ווייל עס האָט קיין אַרבעט נישט געסטייעט, און ביי די גרעסערע — האָט ער נישט איבעריק נושא־חן געווען. עפּעס האָט ער אין די קעשענעס שטענדיק געהאַט געהיימע פּאַפּירלעך, ביכלעך, גערעדט געפערלעכע ווערטער. אָבער דווקא ווייל די מייסטערס איז דאָס נישט געפעלן, האָבן די אַרבעטער זיך צו שיען דערנענטערט.

נאָך דעם, ווי די אַלטע טריבונאַלע גובערניע־שטאָט פּיעטרקאָוו האָט אָפּגעשפּילט איר ראָל, איז זי באַצייכנט געוואָרן אַלס די שטאָט פון עמעריטן.

אָבער די אַרבעטער האָבן זיך אָט דער באַצייכענונג נישט געוואָלט אונטערוואַרפן. דאָס פּאַסט פאַר די געוועזענע „מיוחסדיקע" באַאַמטע, אָבער זיי, די אַרבעטער, האָבן געשטרעבט צו אַ ניי לעבן, אַ מעטיקס, און זיי האָבן געקעמפט דערפאַר. דעם קאַמף האָט מען געזען אין דעם אָקופּאַציע־שטרייק פון די גלאָז־אַרבעטער אין דער הוטע „האָרטענסיאַ", אין די סטרייקן און אין דער אומלעגאַלער פּאָליטישער טעטיקייט פון די אַרבעטער און געזעלן פון די הונדערטער פאַבריקלעך און וואַרשטאַטן, וואָס זענען געווען די אַרבעטס־באַזע פון פּיעטרקאָוו.

שיע איינשטיין איז אין 1938 איינגעזעצט געוואָרן אויף צוויי יאָר אין דער פּיעטרקאָווער תּפיסה. אונטער די דיקע מויערן האָבן די חברים געטרוימט וועגן אַ פּיעטרקאָוו אָן פאַבריקאַנטלעך, אָן פּריוואַטע מייסטערס, אָן עמעריטן, וועגן אַ פּיעטרקאָוו פון בוווגג און פרייער אַרבעט. און דער טרוים איז געוואָרן ווירקלעכקייט. צום 34־טן יאָרטאָג פון דער גרויסער אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָבן די פּיעטרקאָווער אַרבעטער מיט דער הילף פון סאָוויעטישע אינזשיניערן און מאָנטערן צושטייער געגעבן דער סאָציאַליסטישער בוווגג פון לאַנד אַ גרויסן טעקסטיל־קאָמבינאַט.

אייזנשטיין האָט אין ראַטנפֿאַרבאַנד, אין איוואַנאָוואָ־וואָזניעסענסק, באַקומען אַ גוטע שול ביי זיין שניידער־פֿאַך. צוריקקומענדיק אין דעם נייעם פּיעטרקאָוו, האָט ער צוזאַמען מיט אַ גרופּע חברים, ביי דער מיטהילף פֿון דער ווירטשאַפֿטס־צענטראַלע, געגומען פֿאַרווירקלעכן זיין אַמאָליקן טרוים — שאַפֿן אַ שניידער־וואַרשטאַט פֿון אַ גרויסן קאָלעקטיוו. די ערשטע שריט זענען געווען זייער שווערע. אָבער עקשנות שרעקט זיך נישט פֿאַר שוועריקייטן. איצט הייסט דער קאָאָפּע־ראַטיוו אויפֿן נאָמען פֿון די קעמפּער פֿון וואַרשעווער געטאָ. דער קאָאָפּעראַטיוו געהער צו די יונגע אין פּוילן, אָבער ער איז שוין זייער שיין אויסגעוואַקסן, באַשעפֿטיקט איצט הונדערטער אַרבעטער.

דער קאָאָפּעראַטיוו פֿאַרמאָגט באַדינונגס־פּונקטן אויסצופֿירן באַשטעלטע אַרבעט און אויך צו פֿאַרריכטן מלבושים. די פּונקטן געפֿינען זיך נישט בלויז אין פּיעטרקאָוו, נאָר אויך אין די אַרומיקע קלענערע שטעטלעך, כּדי די אָרטיקע באַפֿעלקערונג זאָל נישט דאַרפֿן פֿאָרן אין דער גרויסער שטאָט באַשטעלן אַ מלבוש.

נאָך אַ גרעסערע באַדייטונג האָבן די באַוועגלעכע בריגאַדעס, וואָס באַדינען די דערפֿער. דער פּויער דאַרף זיך נישט אָפּרייסן פֿון דער אַרבעט. ער זעט, ווי ביי דער פֿאָלקס־מאַכט זאָרגט מען פֿאַר אים דער שטאָטישער אַרבעטער. אַ סך בריגאַדעס זענען שוין באַדינט געוואָרן דורכן קאָאָפּעראַטיוו. דערביי ווערן געשיקט באַוווסטזיניקע אַרבעטער, וועלכע העלפֿן דעם פּויער פֿאַנאַנדערקלייבן זיך אין זיינע פּראָבלעמען. די אַרבעטער פֿון קאָאָפּעראַטיוו העלפֿן אויך צו דעם דאָרף ביים אַראָפּנעמען די תּבואה פֿון די פֿעלדער און אויסגראָבן קאַרטאָפֿל.

דער קאָאָפּעראַטיוו א. נ. פֿון די קעמפּער פֿון וואַרשעווער געטאָ האָט שוין אָנגעוויזן, אַז די דערגרייכונגען נישט בלויז אויף געביט פֿון דער פּראָדוקציע, נאָר אויך אויפֿן געביט פֿון הייבן דעם ניוואָ און די אויסשולונג פֿון די אַרבעטער.

יעקב רענער, דער זון פֿונעם אַמאָליקן בעקער־געזעלן, האָט איצט אַוואַנסירט אַלס טעכנישער לייטער. די יונגטלעכע טשעסלאַוואַ דאָלגאַ האָט באַקומען אַן אַרבעטס־אויסצייכענונג פֿון מיניסטעריום. דער אַמאָליקער פֿורמאַן שלמה פּינקוסעוויטש איז סיי פּריער ביי דער מאַשין און סיי איצט אַלס צושניידער — אַ שלאָגלער.

אין דער אַנטוויקלונג פֿון קאָאָפּעראַטיוו — סיי אויפֿן געביט פֿון דער פּראָדוקציע, סיי אין דער אידעישער אויסשולונג פֿון די אַרבעטער — העלפֿט אַ סך צו די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע און די זמפּ, די פֿרויען־ליגע און דער קרייז פֿון פּויליש־סאָוויעטישער פֿריינדשאַפֿט. עס קומען אָפֿט פֿאָר רעפֿעראַטן. פֿאַראַנען אַ קורס פֿון דער רוסישער שפּראַך. דער קאָאָפּעראַטיוו האָט אַ מעטיקן כאָר און אַ באַלעט.

# זדונסקע-וואָליע

דער גרויסער מאַרק און די אַרומיקע גאַסן אין זדונסקע-וואָליע זענען געווען פול מיט פורן, אָנגעפּאַקט מיט אַלדאָס-גוטס: עופות, מילכיקס, שפּייז, אייער, קאַרטאָפל, גרינוואַרג. צווישן די קונים האָט מען נישט געזען אַזעלכע, ווי אַמאָל, וואָס פלעגן קומען בלויז אַ שמעק טאָן, אַ טאַפּ טאָן און פלעגן אַוועקגיין בלויז מיט האַרץ-קלעמעניש. דאָ האָט מען געקויפט אָן באַזונדערע דינגענישן, און די פורן זענען שנעל ליידיק געוואָרן. שפּעטער זענען די גאַסן און געשעפטן געוואָרן פול מיט פויערים. איצט, אין סעזאָן פון פּאָמעראַנצן, האָט מען געזען, ווי די פויערים קויפן איין אָט די מיט זון אָנגעגאָסענע פרוכט. פויערטעס האָבן פון באַהעלטענישן אַרויסגעשלעפּט צעטלען מיט נעמען פון שול-ביכער, פון מאַרקסיסטישער ליטעראַטור, פון פאַך-ליטעראַטור. דאָס האָבן זיי איינגעקויפט די באַשטעלונגען פון זייערע קינדער, וואָס גייען אין די שולן, אויף קורסן, פאָרן צו אין די גימנאַזיעס.

אין אַלע געשעפטן איז די באַוועגונג געווען אַ לעבעדיקע. מען האָט געקויפט פאַרטיקע מלבושים, לייוונט, קאָרט, בעטצייג, מעבל. אויפן דאָרף בויט מען נייע שטובן, גרעסערע, ליכטיקערע. און דעם נייעם רוים פילט מען אויס מיט נייע מעבל. און אַז מען האָט שוין אַ שאַנק, קויפט מען שוין נאָך אַ מלבוש און נאָך אַ מלבוש.

זדונסקע-וואָליע געהער צו די גרעסערע שטעטלעך פון דער לאָדזשער פּראָווינץ. צווישן די ברייט פאַנאַנדערגעוואָרפענע הייזער איבער די לאַנגע גאַסן רויכערן זיך די קוימענס פון די מלוכהשע בייגעל-אונטערנעמונגען, פאַבריקן פון וואָל-שטאָפן, פון טריקאָטאַזש-אויסאַרבעטונגען.

וואָליע, ווי די אָרטיקע איינוווינער רופן די שטאָט, איז כאַראַקטעריסטיש מיט דער ענגער צוזאַמענאַרבעט פון דער שטאָט מיטן דאָרף. אין די פאַבריקן קוואַליפיצירן זיך אַלץ מער מענטשן, וואָס קומען פון דאָרף. מיט די פאַבריקן פירן אָן די אַמאָליקע אַרבעטער. דער געוועזענער שערער פ. ווילאַזאָווסקי איז

איצט לייטער פון דער ביינוול־פאַבריק נומ. 3, דער אַמאָליקער וועבער י. גראָ־בעלני איז לייטער פון די פאַבריקן נומ. 6 און 6א.

אָבער נאָך פון אַ צווייטער זייט שפּילט וואָליע אַ ראָל, אין פּרט פון דער־גענטערן און פאַרברידערן דעם שטאָטישן מיטן דאָרפישן מענטש. וואָליע איז אַ באַדייטנדיקער צענטער, וואָס נעמט אויף די פּראָדוקטן פון די צענדליקער, צענדליקער פּרומיקע דערפער און באַזאָרגט אָט די דערפער מיט דער פּראָדוק־ציע פון שטאָטישן אַרבעטער. צו דעם צוועק האָט די מלוכה דאָ אַוועקגעשטעלט גרויסע מאַגאַזינען און געשעפטן.

אברהם מאַנדעל, דער לייטער פון פיר פיליעס פון דער טעקסטיל־צענטראַלע, פון וואָל־אַרטיקלען, ביינוול, ליין, זייד, דערקלערט אונדז:

— אונדזער חברישע און פּאַרטייאישע אויפגאבע איז צו געבן דעם דאָרף די בעסטע און שענסטע זאכן. דאָס דאָרף דארף האָבן צוטרוי צום שטאָטישן אַר־בעטער, דער פויער, וואָס שפּייזט די שטאָט, דאַרף פון איר ווערן גוט באַקליידט.

אין דער פאַרבינדונג פון דער שטאָט מיטן דאָרף שפּילט, פאַרשטענדלעך, א וויכטיקע ראָל די אָרטיקע אָפּטיילונג פון פּ.ק.ס. (מלוכהשע אויטאָמאָבילן־קאָמו־ניקאציע). דאָרט טרעפן מיר דעם אקטיוון חבר מענדל האבערלאַק. ער ארבעט אלס שעף פון דער קאַדרן־אָפּטיילונג.

— אינטערעסאַנט, ווי איר קומט צו דער דאָזיקער באַשעפטיקונג, איר האָט מסתמא אַמאָל געאַרבעט אויף דעם געביט?

— איר מיינט אַוודאַי, אַז אויב איך אַרבעט ביי דער קאָמוניקאַציע, מוז איך האָבן געווען א פּורמאַן... ווייל הײַנט איז האָך אזוי: יאַ וועבער ווערט דירעקטאָר פון אַ טעקסטיל־פאַבריק, אַ שלאָסער ווערט מייסטער ביי מאַשינען אָדער גאָר אַ דירעקטאָר אין דער שווער־אינדוסטריע. און ביי ייִדן זענען דאָך פאַר דער מלחמה בלויז פּורמאַנעס און דראָזשקאַזשעס געווען קאָמוניקאַציע־אַרבעטער. אָבער איך בין אינגאַנצן פון אַן אַנדער פאַך. איך בין געווען אַ פריזירער.

מענדל האבערלאַק פּאַסט זיך זייער גוט אריין אין זיין נייער ארבעט. כאָטש ער האָט אין זיין אָרעמער היים קיין בילדונג נישט באַקומען, פונדעסטוועגן גיט ער זיך זייער גוט אַן עצה. אויף דער דאָזיקער ארבעט האָט אים געשיקט די פּאַר־טיי, און ער איז איר זייער דאַנקבאַר דערפאַר. דאָ איז פאַראַן אַ סך וואָס אויפ־צוטאָן. די ארבעט מיט מענטשן איז, וואָס אַן אמת, א שווערע, אָבער אַן אינטע־רעסאַנטע און פאַראַנטוואָרטלעכע. ער האָט צו טאָן מיט העכער דריי הונדערט מענטשן: שאָפערן, געהילפן, מעכאַניקער א. א. מערסטנס זענען די מענטשן אין וועג, און דאָך דארף מען געדענקען וועגן העכערן זייערע קוואַליפיקאציעס. דער גרעסטער טייל פון זיי זענען געקומענע פון דאָרף. א טייל האָבן זיך זייער פאַך אויסגעלערנט ביים מיליטער. אָבער מען מוז דאָך זען, אז מענטשן זאָלן נישט

שטיין אויף אַן אָרט, זאָלן וואקסן. ספּעציעל פּעיקע ווערן געשיקט קיין קראָקע
אין טעכניקום פון דער פ.ק.ס.=צענטראַלע. אויפן אָרט, אין זדונסקע=וואָליע, ווערן
געפירט קורסן פון אידעאָלאָגישער שולונג, קורסן פון דער רוסישער שפּראַך.
צוליב דעם, וואָס שטענדיק זענען אין וועג א גרעסערע צאָל אַרבעטער, ווערן די
קורסן אזוי רעגולירט, אז זיי זענען צוגעפּאסט צו די טורנוסן.

אנב, דערציילט האבערלאק, האָט ער מיט א געוויסער צייט צוריק שוין
געארבעט אין דער קאָמוניקאציע. דאָס איז געווען מלחמה=צייט אין ראמנפּאר=
באַנד, ווו ער האָט געאַרבעט אין באַן=וועזן. דאָרט האָבן אים די חברים צוגעאיי=
גנט דעם נאָמען מאקסים. מיט דעם נאָמען רופט מען דאָרט א מענטש, וועלכן
מען האלט פאר אן איבערגעגעבענעם, פאר אן אייגענעם. און ער שיידט זיך
טאקע נישט מיט דעם נאָמען, וואָס איז פאר אים א ליבער אָנדענק פון דעם לאגער,
וואָס האָט אים אזוי גאסטפריינדלעך אויפגענומען.

אין זדונסקע=וואָליע קאָן מען טרעפן א סך מענטשן, וועלכע זענען זייער
אקטיוו אויך אויסער די ראמען פון זייער פּראָפעסיאָנעלער באשעפטיקונג. איי=
נער פון זיי איז שוין דער דערמאָנטער אברהם מאנדעל. באלד נאָך דער באפריי=
אונג, ווען ער איז צוריקגעקומען אין שטעטל, האָט ער זיך געווידמעט דעם קאמף
קעגן די רעאקציאָנערע באנדעס. ער איז דורכגעגאנגען א מיליטערישע שול און
דערגרייכט דעם ראנג פון אן אָפיצער.

מאנדעל און אויך זיין פרוי זענען געוועזענע מיטגלידער פון קפּפּ. ער איז
געווען א שניידער, אין קיין שול נישט געלערנט. נישט קיין וואונדער, וואָס ער איז
שטאָלץ מיט זיינע פּאָזיציעס: לייטער פון 4 פיליעס פון דער טעקסטיל=צענטראַלע,
אָפיצער און אָנפירער פון „אָרמאָ" און לעקטאָר פון פּאַרטיי=קורסן.

אין דער געמיטלעכער, פיין אויסמעבלירטער וווינונג פון דער פאמיליע
מאנדעל קאָן מען אָפט טרעפן שכנים, באַקאַנטע, וואָס זייער פריינדשאפט ציט
זיך נאָך פון די אמאָליקע צייטן. וואָלף גאלאנטערניק איז אמאָל געווען א רייגער
און בראָניסלאוו פראָנטשאק — א וועבער. זיי האָבן צוזאמען געארבעט, צוזאמען
געקעמפט, געווען חברים פון דער קפּפּ. גאלאנטערניק איז איצט מאגאזינער אין
דער באקלייד=צענטראַלע, פראָנטשאק איז א טוער אין פּראָפעסיאָנעלן פאריין,
אוןביידע זענען געזעלשאפטלעכע אקטיוויסטן אין דער נייער זדונסקע=וואָליע.

מערסטנס פון די יידישע איינוווינער אין זדונסקע=וואָליע האָבן זיך איבער=
קוואליפיצירט אינגאנצן אויף אנדערע געביטן. אָבער אייניקע האלטן זיך ביי
זייער אמאָליקער באשעפטיקונג. צום ביישפּיל, דער געוועזענער קצב חיים ליכטען
ארבעט אין שעכט=הויז און איז ערשט פאָריקע וואָך פּרעמירט געוואָרן פאר זיין
גוטער ארבעט. אייזיק צעלניק איז אויך געווען א קצב, אָבער ער איז שוין אוועק
א ביסעלע ווייטער פון זיין אמאָליקער באשעפטיקונג. ער ארבעט אין דער גאר=

בעריי. אייזיק צעלניק און זיין פרוי האָבן איבערגעלעבט ביי די דייטשן אזעלכעס, וואָס איז זיך שווער אויסצומאָלן, און איצט לעבן זיי זיך רואיק מיט זייער טעכ־טערל אין דעם רואיקן שטעטל, אין א רייניער, באקוועמער וווינונג מיט נייע מעבל. צעלניק איז אן אָנפירער פון א שלאָגלער־בריגאדע.

— אז מען ארבעט — זאָל הייסן געארבעט, — זאָגט צעלניק.

אלע גאסן אין זדונסקע־וואָליע זענען פארפלאנצט מיטביימער. זיי מאכן דעם איינדרוק פון אלייען. איצט שטייען די צווייגן נאקעט, אָבער מען פילט זייער אראָמאט. ווען מיר פארלאָזן דאָס שטעטל, פילן מיר, אז עס גייט אונדז נאָך א לופטיקע פרישקייט, פון וועלכער מען פילט ארויס דעם אָטעם פון בויען דאָס נייע לעבן.

# זגערזש

אין דער כעמישער פאַבריק „באָרוטא“ אין זגערזש ארבעטן נאָך א סך ארבעטער פון פאר דער מלחמה, עס ליגט זיי נאָך גוט אין זכרון די דעמלטיקע באַדינגונגען. דער אקציען-געזעלשאפט, וואָס איז אין ווייט גרעסטן טייל באשטאנען פון אויסלענדישע קאַפּיטאַליסטן, איז דאָס געזונט פון די אַרבעטער נישט אָנגעגאנגען, די זויער-שטאָפן האָט מען מיטן מויל געבלאָזן דורך א רערל. אין די פעסער זענען נישט געווען קיין מעכאנישע מישערס, און די בייסנדיקע זויער-שטאָפן האָט מען געמישט מיט האנט-וויאָסלעס. עס זענען נישט געווען קיין ווענטיליאטאָרן ארויסצוציען די גאזן. אין די האלעס פון דער אונטערנעמונג זענען די ארבעטער געווען איינגעהילט אינעם נעפל פון די זויער-אויסדאמפונגען. עס זענען נישט געווען קיין שוצקליידער, קיין מאסקעס, קיין טוש. מילך האָבן אין דער גאנצער אָפּטיילונג באקומען בלויז די ארבעטער ביי די אויוונס.

וועגן דעם דערציילט דער דעמלטיקער ארבעטער און איצטיקער מייסטער — יוסט. ווען ער האָט לויט זיינס אַן איינפאל געוואָלט מאכן א ווענטילאטאָר, האָט דער לייטער אים געענטפערט: „היט דיין ארבעט און חכמה זיך נישט“.

איצט האָט זיך די לאגע פולשטענדיק געביטן. עס איז פאראן א געהעריקע ווענטיליאציע, שוצקליידער, מאסקעס, מילך פאר אלע ארבעטער, טושן. צוליב דעם אלעם איז די ארבעט איינגאנצן נישט שעדלעך.

— ווען איך פארגלייך די ארבעטס-באדינגונגען פון דעמלט און היינט, — זאָגט דער מייסטער יוסט, — גיב איך זיך אָפּ א רעכענונג פון דעם, וואָס פאר א ריזן-שריט מיר האָבן שוין אדורכגעמאכט ביי אונדז אין לאנד, וויפל האָט די פאָלקס-מאכט געגעבן אונדז ארבעטער.

זגערזש קאָן סיי געאָגראפיש, סיי לויט דער אינדוסטריע פאררעכנט ווערן, ווי א טייל פון לאָדזש. בלויז עטלעכע קילאָמעטער פעלד טיילן אָפּ די לעצטע הייזער פון לאָדזשער באלוט פון די ערשטע הייזער אין זגערזש. סך-הכל 20 מינוט פאָרן מיטן טראמוויי. באגינען טיילן זיך אין זגערזש אויס די ערשטע די

באלויכטענע פאבריקס־געביידעס און אין אָוונט לייכטן זיי די לעצטע. די פאבריקן הייבן זיך הויך ארויס איבער די וווין־הייזער און דאָס שטרייכט אויסערלעך באַזונדער אונטער דעם פאבריקס־כאראקטער פון דער שטאָט. דער טאקט פון די וועב־שטולן איז דער ארבעטס־ריטם פון זגערזש. צו די גרעסטע טעקסטיל־אונטערנעמונגען געהערן די מלוכהשע קאָמבינאטן. איין גרויסע אונטערנעמונג טראָגט זייער א כאראקטעריסטישן נאָמען פארן ארבעטער־זגערזש: „100 געפאלענע“. דער נאָמען איז געבליבן פון דער אָקופאציע־צייט. די באוווסטזיניקע זגערזשער ארבעטער זענען נישט געווען געהאָרכזאם דער היטלעריסטישער מאכט, און בעת א ווידערשטאנדס־אקט זענען 100 איינוווינער דערשאָסן געוואָרן. דאָס היינטיקע זגערזש האָט, אחוץ דעם דענקמאָל אויף איינעם פון די פלעצער, אויך אויפגעשטעלט, צו זייער ערע א דענקמאָל אין געשטאלט פון א נייער, מאָדערנער, גרויסער פאבריק פון בייוול־אויסארבעטונגען, צוהילף דעם אויפבוי פון סאָציאַליזם אין לאנד, פאר וועלכן די געפאלענע האָבן געקעמפט.

לעבן די גרויסע טעקסטיל־קאָמבינאטן פארמאָגט זגערזש אויך א גוט אנטוויקלטן וועבער־קאָאָפעראטיוו, וואָס רופט זיך אויפן נאָמען פון ל. ווארינסקי. א באזונדערן נוצן אויפן געביט פון אָפשפּאָרונגען ברענגט דער קאָאָפעראטיוו דערמיט, וואָס עס ווערן דאָרט אויסגעארבעט די רוישטאָפן, וועלכע קאָנען נישט אויסגענוצט ווערן אין דער שליסל־אינדוסטריע. לייטער פון דעם דאָזיקן קאָאָפעראטיוו איז א שוסטערס א זון פון זגערזש, איטשע צעלגאָף. נישט לאנג נאָכדעם, ווי ער איז — אין די רייען פון דער באפרייונגס־ארמיי — צוריקגעקומען קיין פוילן, האָט ער צוזאמען מיט א גרופע פאכמענער, און צווישן זיי דער געוועזענער שטולמייסטער און איצטיקער טעכנישער לייטער זעליק פאָגעל, גענומען גרינדן דעם קאָאָפעראטיוו. אָנגעהויבן האָט מען ביי 7 ארבעטער און 4 שטולן. איצט ארבעטן 50 שטולן, אחוץ אנדערע מאשינען, און עס זענען באַשעפטיקט 216 ארבעטער.

— אינטערעסאנט, ווי איר גיט זיך אן עצה ביי דעם כסדרדיקן וווקס? — פרעגן מיר די אָנפירנדיקע חברים.

— עס איז שווער, אָבער מען מוז אלץ טאָן, כדי מען זאָל די שוועריקייטן אדורכברעכן. און אז מיר האָבן באקומען אן אויפגאבע צו ארבעטן אויף 50 שטולן, און קרעדיטן האָבן מיר בלויז אויף 20 — וועלן מיר זיך נישט קיין עצה געבן? אז מען מוז, און אונדזער לאנד נייטיקט זיך, איז נישטאָ קיין תירוצים. אויפן קומענדיקן יאָר האָבן מיר שוין אן אויפגאבע צו ארבעטן אויף 83 שטולן און אויך דאָס וועלן מיר באוויזן.

אין שמועס קומט צו רייד וועגן דער ארבעטלאָזיקייט פון די זגערזשער וועבער פאר דער מלחמה און באזונדערס וועגן דער לאגע פון די יידישע וועבער.

ווער עס האָט נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו אַרבעטן אויף אַן אייגענער שטול, און דאָס איז געווען וואָס אמאָל שווערער, ווייל פון איין זייט, האָט זיי איינגעשלונגען דער קריזיס, און פון דער צווייטער זייט — דער גרויסער פאבריקאנט, דער איז געבליבן אָן אן אויסוועג. אין דער פוילישער פאבריק האָט דער יידישער וועבער נישט געקאָנט אָנקומען, און דער יידישער פאבריקאנט האָט אויך געהאַט א תירוץ, אַז ער וויל נישט, אַז יידן זאָלן דורך אים מחלל שבת זיין. און אַז דער וועבער האָט געמעגהט, אז ער איז נישט פרום, ער היט סייווי נישט אָפּ דעם שבת, האָט דער פאבריקאנט זיך ארויסגעדרייט, אז אויף זיך וויל ער נישט נעמען די עבירה.

— ווי נעמט מען זיי איצט די אלע, וואָס האָבן זיך ארומגעדרייט אָן ארבעט, — זאָגט דער לייטער צעלגאָף, — מיר וואָלטן זיי אלע אריינגענומען, און אויב נישט ביי אונדז, שטייען אָפן די פאבריקס-טויערן פון וואָל-קאָמבינאט, פון בייגוואָל-קאָמבינאט, פון דער קאָנפעקציע-פאבריק און פון אומעטום פאר יעדן אַרבעטער.

דער טעכנישער לייטער זעליק פאָגעל ארבעט אין דעם קאָאָפּעראַטיוו צוזאַמען מיט זיינע צוויי זין. דער יינגערער, דער 23-יעריקער מאיר, איז א שערער און דער עלטערער, מאָניעק, איז א וועבער. צום גרויסן אָקטאָבער-יום-טוב זענען מאָניעק צוזאמען מיט נאָך צוויי ארבעטער בלאשטשיק און פלאָרטשאק אלס די ערשטע פון קאָאָפּעראַטיוו איבערגעגאנגען ארבעטן אויף צוויי קאָרט-שטולן. זייער ביישפּיל טוען נאָך אנדערע. צוויי וועבער האָבן געמאכט שותפות צו אַהבעטן אויף דריי שטולן.

זייער שיין איז אנטוויקלט דער ספּאָרט-קרייז, וואָס באשטייט פון א פוטבאָל-דרוזשינע און דרוזשינעס פון פינג-פאָנג און טענים. דער קולטור-לייטער, דער וועבער און זון פון א זגערזשער וועבער, מיכאל פאָזנאַנסקי, איז זייער אַקטיוו. ער אָרגאניזירט קאָלעקטיווע טעאַטער-באזוכן אין לאָדזש, שאפט א דראמאטישן קרייז.

א וויכטיקער אויפטו איז געווען די איניציאטיוו פון קאָאָפּעראַטיוו צו אָרגאניזירן א קורס פון מריקאָטאזש פאר מוטערס פון קינדער, וואָס קאָנען נישט אַוועקגיין צו קיין ארבעט, אָבער האָבן די מעגלעכקייטן צו ארבעטן אין דער היים. דער נוצן פון דער ארבעט וועט זיין א טאָפּלטער: אי די פרויען ווערן אריינגעצויגן אין דער פּראָדוקציע און וועלן האָבן די מעגלעכקייטן צו פארדינען, אי עס וועלן פּראָדוצירט ווערן נייטיקע אַרטיקלען פון דעם גאַרן, וואָס פאַלט אָפּ פון די וועבשטולן.

די פונקטן פון קאָאָפּעראַטיוו זענען צעוואָרפן איבער 16 ערטער אין דער שטאָט. אין איין אָרט רוישן די שפּינדלען פון די צווירן- און קרייץ-מאשינען,

ערגעץ אַנדערש — די שער־געשטעלן. און אין אַן אַנדער געבײַדע קלאַפּן די וועבשטולן. דער וועבער פּאָזנאַנסקי ווײַזט אונדז דעם שטאָף, וואָס געפינט זיך אויף זײַן שטול. דאָס איז פײַנער דאמען־שטאָף פון 100־פּראָצענטיקער וואָל. ער גלעט איידל די סחורה, ווײַל ער האָט ליב זײַן פּראָדוקציע. „אָט יענער ארבעטער, — ווײַזט ער אונדז אָן, — איז זלמן יאקובאָוויטש. ער איז געווען א פּורמאַן, און איצט איז ער זייער א גוטער וועבער". אין אנדערע ערטער ווערן אויסגע־ארבעט פײַנע וואָלענע מענער־שטאָפן, ביינוול־שטאָפן אויף ארבעטס־מלבושים. ווידער ערגעץ אנדערש, אין גרויסע זאלן, ארבעטן די שטאָפּערינס, וועלכע פּאר־מעסטן זיך אײנע מיט דער צווייטער וואָס מער צו הייבן די קוואליטעט.

אזוי קלאַפּט איבער דער גאנצער שטאָט די ארבעט פונעם קאָאָפּעראַטיוו א. ג. פון ל. וואָרינסקי אין אלגעמײַנעם ריטם פון די אנדערע פאבריקן.

# בײַם פּוילישן באַלטיק

צאָפּאָט איז אַמאָל פאַר מיליאָנען אַרבעטער און האָרעפּאַשניקעס פון פּוילן געווען אַ לעגענדע, עפּעס אַן אומדערגרייכבאַרע עקזאָטישע שטאָט. די צאָפּאָטער זון, די כוואַליעס בײַם ברעג פון באַלטישן ים, גאָלדענע בייטאָג און זילבערנע אינאָוונט, האָבן די האָטעל־אייגנטימער און מאַגנאַטן פאַרכאַפּט אין זייער רשות, און פאַרן געניסן פון יעדער זון־שטראַל, פון יעדן ים־קרישטאָלעכל האָבן זיי גענומען געצאָלט מיט גאָלד, כאָטש פון דער זון און פון ים איז גאָרנישט געמינערט געוואָרן. די שטראַלן און די כוואַליעס זענען אייביק געבליבן רחבותדיק, גרייטע צו דינען מיט זייערע היילנדיקע אוצרות מיליאָנען מענטשן. אָבער די קאַפּיטאַליסטן האָבן דאָס פאַרוואַנדלט אין זייערס אַ סחורה, און טראָפּנווייז עס פאַרקויפט צו מענטשן פון זייער קלאַס, ווייל נאָר זיי האָבן זיך געקאָנט פאַרגינען אויף דעם.

פאַר טויזנטער מאַמעס פון פּוילן איז דער ברעג פון ים אין יענער צייט געווען אַ לאַנגיעריקער טרוים. פאַר די גראָשנס, אַוועקגענומענע פון מויל, איז די מאַמע געגאַנגען צום דאָקטאָר, אַז ער זאָל געבן אַ רפואה פאַרן קינד צו עפענען די אָטעם־קאַנאַלן, אויסצוהיילן די פאַראָפּיעטע אויגן, דאָס אויסשיטעכץ אויפן לייב, וואָס קיין שום זאַלב העלפט נישט, אַרויספירן דאָס קינד פון דער ענגלישער קרענק. דער דאָקטאָר האָט געענטפערט: מען דאַרף פאָרן צום וואַסער — ים־לופט. די מאַמע האָט אַ זיפץ געטאָן און אַרויסגעגאַנגען. אַ פאַרביטערטע האָט זי זיך אומגעקוקט צום דאָקטערס טיר.

— ים־לופט, — הייסט ער! — און האָט זיך אַ פּאַטש געטאָן איבער דער פוסטער קעשענע.

און דאָס וואַסער, ביי וועלכן דאָס קינד האָט פאַרבראַכט די הייסע זומער־חדשים, איז געווען דער פאַרהומפּענער רינשטאָק אין דעם שמאָלן געסל, ווו אין די שטובן איז דער רויך פון דער קיך געגאַנגען מער דורך די טירן און פענצטער, ווי דורך די קוימענס. דאָ, אין דער לופט פון אַדורכגעפוילטע פון ווילגאָטש שטרויזעק, צווישן די פליגן, וואָס האָבן זיך געריועט, האָט דאָס קינד פאַרבראַכט דעם זומער.

דער לאַנגיעריקער טרוים פון די מאַמעס איז פאַרווירקלעכט געוואָרן אין פאָלקס־דעמאָקראַטישן פּוילן. צאָפּאָט, פּונקט ווי אַלע אַנדערע ווונדערבאַרע נאַ־טור־ווינקלען אין פּוילן, איז געוואָרן אויס לעגענדע, אויס עקזאָטיק, איז געוואָרן אַ קוואַל פון געזונט און פרייד פאַר די אַלע, פאַר וועמען דאָס איז אַמאָל געווען פאַרשלאָסן.

פון די ערשטע וואַרעמע טעג ביז שפּעטן גאָלדענעם האַרבסט פירן די באַנען מענטשן איבער דער גאַנצער ליניע־נעץ פון לאַנד צום ברעג פון פּוילישן באַלטיק. די לאַנגע פּליאַזשע פון שטשעטשין ביז גדיניע און גדאַנסק ווערט פאַרנומען דורכן אַרבעטנדיקן מענטש פון שטאָט און דאָרף, דורכן שילער און סטודענט, דורכן קינד פון שול און פאַרשול, דורכן אַרבעטנדיקן אינטעליגענט און באַאַמטן.

הונדערטער אָפּרו־הייזער און היימ־אַנשטאַלטן פאַר אַרבעטער זענען איצט אויסגעשפּרייט איבער די ישובים ביים ברעג פון באַלטיק, הונדערטער קאָלאָניעס פאַר קינדער, הונדערטער לאַגערן פאַר יוגנט.

אַ מענטש, וואָס קומט צום ערשטן מאָל צום ים, ווען פאַר זיין בליק פאַר־שווינדט דאָס לאַנד, די מויערן, און עס עפנט זיך פאַר אים די ווייטע, בלויע פּערס־פּעקטיוו פון וואַסער און הימל — אַזאַ אייגער בלייבט שטיין אין דעם אַדורכגאַנג צווישן די ביימער, וואָס פירט אַרויס אויף דער פּליאַזשע, קוקט אויף דעם העל־גאָלדיקן זאַמד און ווייסט נישט, צי ער זאָל עס טרעטן מיט די שיך, כדי עס נישט שמוציק צו מאַכן. דערנאָך טוט ער אויס די שיך, טוט מיטן פיס אַ לעק דאָס זאַמד, צי עס בריט נישט, צי עס שטעכט נישט, צי עס איז נישט צו קאַלט, און ווען ער דערפילט די וואַרעמע זייַדענע גלאַטיקייט, גיט ער אַ גראָב איין ביידע פיס, וואַרפט פון זיך אַראָפּ די מלבושים, ווי אַנדערע טוען עס, און שוין ווערט ער היימיש מיט דער פּליאַזשע, מיט דער זון, וואָס ציט שנעל פון אים אַרויס די בלייכקייט און באַגיסט אים מיט אַ גלאַנציקן, שייַנענדיקן בראָנז. עס דערוועקט זיך אין אים די פרייד, ווי ביי אַלע טויזנטער, וועמענס געזונטע, אָפּגעברענטע לייבער גלאַנצן דאָ אויף דער פּליאַזשע. דאָס איז נישט בלויז די פרייד פון אייגע־נעם פאַרגעניגן אין דער איצטיקער רגע. אין דער פרייד ליגט אויך דער באַוווסט־זיין, וואָס מען האָט זיך אַזאַ אָפּרו פאַרדינט דורך שעפערישער אַרבעט פאַר דעם אויפבוי פון לאַנד, וואָס נאָכן אָפּרו איז מען ווייטער פאַרזיכערט מיט אַרבעט און עקזיסטענץ, וואָס דאָס אַלץ דאָ אַרום: די זון, די לופט, דער ים, געהערט צו אים, פּונקט ווי צו אַלע אַנדערע טויזנטער, וואָס געפינען זיך דאָ, צו די טויזנטער, וואָס זענען שוין דאָ געווען און צו די, וואָס וועלן שפּעטער קומען.

מען איבערצייגט זיך שנעל, אַז דער ים איז מילד, פריינדלעך, די כוואַליעס באַלויכטענע פון דער זון, שמייכלען יעדן אַנטקעגן מיט זייער קרישטאָלענעם שמייכל. דאָס וואַסער ביים ברעג ים נעמט יעדן ליבלעך אַריין אין די וואַרעמע, גלעטנדיקע אָרעמס, הייבט אים אונטער, איין כוואַליע גיט אים איבער דער צווייַ־

מער, קליין און גרויס שווימען אויף די רוקנס פון די כוואַליעס גרינג ווי פּילקעס, שטיפן אַרום מיט זיי.

אין דער פאַרמיטאָג־צייט הערט זיך אויף דער פּליאַזשע אַ סיגנאַל און עס ווערט פּלוצלינג אַ געלויף אין פאַרשידענע זייטן. מען וואַרפט אַוועק די פּילקעס, מען לויפט אַרויס פון וואַסער. עס איז גאָרנישט געשען, עס איז נישט פאָרגעקו־מען קיין שום קאַטאַסטראָפע. די אָנפירער פון די קאָלאָניעס האָבן צוזאַמענגערופן זייערע גרופן צום צווייטן פרישטיק. יינגערע און עלטערע קינדער זאַמלען זיך אין עטלעכע פּונקטן, ווו עס שטייען גרויסע פּאַפּירענע זעק מיט זעמל, מיט שטי־קער ווורשט. ביידע הענט ביי יעדן קינד ווערן פול, באַלד ווערן פול די מיילער, מען שלינגט דאָס עסן צוזאַמען מיט דער לופט, מיט דער זון, מיט דער פרייד, מיט וואָס עס ווערט פול דער גאַנצער אָרגאַניזם. די זון און די פרייד שיינען נישט בלויז אַראָפּ פון די פּנימער, נאָר קוועלט אויך אַרויס פון גאַנצן לייב, זעט זיך אַרויס פון יעדער באַוועגונג. ומיטן עסן קאָן מען דאָ לאַנג נישט פאַרציען. מען מוז שנעל באַפרייען די הענט צו כאַפּן די פּילקעס, צום שווימען. די יינגערע מוזן נעמען ווי־מער בויען אין זאַמד די האַמבעס, די פעסטונגען, די קאַנאַלן. די קלייניע חברה איז שוין, ווייזט אויס, אָנגעשטעקט מיט די גרויסע סאָציאַליסטישע פּאַרמעסטן איבערצוגעשטאַלטיקן די נאַטור און מאַכט דאָ אירע פּרווון.

נישט בלויז קינדער פון פּוילן פאַרברענגען דאָ, עס זענען אויך דאָ אַהער־געקומען פאַרברענגען זייערע פעריען קינדער פון בעלגיע, פון פראַנקרייך, און גענוג אָפט פלעכט זיך די פּוילישע שפּראַך אַדורך מיט דער יידישער און פראַנ־צויזישער.

נאָך קיינמאָל איז דאָס יידישע קינד נישט געווען אַזוי פריי, אַזוי גלייך מיט אַלעמען, און דער יידישער אַרבעטער, וואָס געפינט זיך דאָ אויף אָפּרו צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע, דערציילט דעם קינד וועגן זיין אייגענער טרויעריקער קינד־הייט, אַ געפּייניקטע פון נויט און אַנטיסעמיטיזם, וואָס פאַרשווינדט צוזאַמען מיטן אויפבוי פון סאָציאַליזם. אָט דער ים, וואָס די היטלעריסטן האָבן געוואָלט פאַר־כאַפּן, מאַכט צוריק געזונט די נערוון פון די, וואָס זיי האָבן געפּייניקט. דאָס קינד, וואָס זיי האָבן געוואָלט פאַרטיליקן, לעבט דאָ אויף און שטאַרקט זיך און קרעפּ־טיקט זיך אַנטקעגנצושטעלן זיך דעם שונא, אויב ער וועט נאָכאַמאָל פּרווון זיך וואַרפן אויף אים.

אין צאָפּאָט איז דער ים, די זון די זעלבע וואָס אַמאָל, אָבער ווי אַנדערש איז דאָ געוואָרן דאָס זומער־לעבן. דער חותם פון צאָפּאָט אין די אַמאָליקע צייטן איז געווען האַזאַרד־שפּיל און אויסגעלאַסנקייט. מיט דעם געלט, וואָס טויזנטער אַרבעטער און פּויערים האָבן אין שטיקעניש אויסגעהאָרעוועט, האָבן דער פאַב־ריקאַנט און פּריץ דאָ, אויף דער פרישער לופט, געשפּילט אין רולעטקע.

הײנט ברענגט דער אַרבעטער אַהער זײַן קינסטלערישן רעפּערטואַר פֿון פֿאַבריקס־קלוב, דער שילער — פֿון דער שול, דער ס.פּ.־יוגנטלעכער — פֿון זײַן קרײַז און דעסגלײַכן דער גוראַל. אויפֿן שענסטן אָרט אין צאַפּאַט, אויפֿן מאַלאַ, האַרט בײַם ים, אין דער קאָנצערט־מושלע, וואָס איז אײַנגעהילט אין בײמער און בלומען, טרעטן אויף די אַרבעטער — זינגער, מוזיקער, טענצער. די פּראָגראַמען זענען שטענדיק רײַכע און פֿאַרשײדנאַרטיקע. צענדליקער קאָלאָניעס שיקן דאָ אַרויס אויף דער בינע זײערע פֿעיקסטע מיטגלידער און שטאָלצירן מיט זײ. אײן שטאָט פֿאַרמעסט זיך מיט דער צווײטער, אײן קאָלאָניע שטײַגט איבער די אַנדערע. די טויזנטקעפּיקע אַרבעטער־אוידיטאָריע ווערט מיטגעריסן מיט די אויפֿטריטן פֿון זײערע קינדער, פֿון די חברים פֿון זײערע פֿאַבריקן און אינסטיטוציעס. דאָס געזאַנג פֿון ליד פֿון אַרבעט און שלום, די רײטמישע דעקלאַמאַציע, דער פֿאָלקס־טאַנץ צעטראָגט זיך איבערן גאַנצן שטח.

מען קאָן זען, ווי אַ יונג אַרבעטער־פּאָרל, באַשײדן אָנגעטאָן, נישט דרײסטע נאָך, ווי עס זאָל זײ שווער זײַן צו באַנעמען, אַז די פּרעכטיקײט דאָ איז פֿאַר זײ צוגעגרײט, זעצט זיך בעת אַן אויפֿטריט אין דער לעצטער רײ. צוקוקנדיק זיך אָבער, אַז די אַלע מענטשן, וואָס געפֿינען זיך דאָ, זענען אויך אַזעלכע ווי זײ, רוקן זײ זיך וואָס אַמאָל נענטער, ביז זײ זעצן זיך דרײסט, זיכער אַוועק אין דער ערשטער רײ: עס ווערט בײַ זײ געבוירן דער באַוווּסטזײַן, אַז די, וואָס פֿאַרנעמען די ערשטע ערטער אין דער פּראָדוקציע, אינעם אויפֿבוי פֿון לאַנד, האָבן אויך דאָס רעכט צו פֿאַרנעמען דאָס ערשטע אָרט אויפֿן אָפּרו.

# פֿרילינג בײַ דער אָדרע אין שטשעטשין

ניט ווײַט פֿון וואָקזאַל אין שטשעטשין שטייט אַ שטיק געמויערטער פּלויט, און פֿון יענער זײַט הייבט זיך אַרויס אַ באַרג גרוז פֿון אַ צעשמעטערטער געבײַדע. אַזאַ בילד איז ניט קיין נײַעס. די מלחמה האָט אַזעלכע חורבות אין די טויזנטער איבערגעלאָזט אין אונדזערע שטעט. אָבער די דאָזיקע געבײַדע איז געפֿאַלן אַ קרבן נאָך פֿאַר דער מלחמה, אין 1938 יאָר, ווען איבער גאַנץ דײַטשלאַנד האָבן געפֿלאַקערט די סינאַגאָגעס און בתּי־מדרשים. דאָ איז געווען דאָס שטשעטשינער בית־מדרש, וואָס איז אַוועק מיט די פֿלאַמען און געוואָרן ברוך און שטויב.

אַנטקעגנאיבער שטייט אַ פּאַלאַץ אין זייער אַ שײנעם גאָטישן סטיל. דער פּאַלאַץ לעבט אויך ניט מער. די ווענט זענען געשפּאָלטן, אינעווייניק איז אַלץ אויסגעהוילט. אָבער דעמלט, ווען דאָס בית־מדרש האָט געברענט, איז נאָך דער פּאַלאַץ געווען אין זײַן פֿולער פּראַכט. פֿון די דאָזיקע נעסטן און אַנדערע אַזעלכע נעסטן האָבן די פֿאַשיסטן אַרויסגעשיקט זייערע ערשטע פֿלאַמען — די פֿאָרפּאָסטנס, וואָס האָבן אָנגעזאָגט די מלחמה. זיי האָבן געברענט די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראײנען פֿון די אַרבעטער, די קולטור־הײַזער און ביכער. זיי האָבן געוואָלט פֿאַרברענען דעם גלויבן פֿון יעדן מענטש, אַ חוץ פֿון די פֿאַשיסטן, וועלכער באַשטייט אין הערשן און פֿאַרניכטן. אָבער זייער לעבן איז פֿון דעם פּאַלאַץ פֿאַרשוווּנדן, און די אַרבעטער אין שטשעטשין לעבן, זיי לעבן מיטן אויפֿבוי, מיטן נײַעם גלויבן אין דער וועלט פֿון אַרבעט און גערעכטיקייט.

שטשעטשין האָט אונדז געמאַכט אַ ליבן סורפּריז. בײַנאַכט, אין וועג, ווען מען איז איבערגעשטיגן פֿון איין באַן אויף דער צווייטער, האָט אַ שאַרף פֿרעסטל געשניטן די אויערן, די וואַסערלעך זענען איבערגעצויגן געוואָרן מיט אַ גלאָזיק הײַטל, און די ערד האָט זיך באַדעקט מיט אַ ווײַסן פּוטער פֿון שניי. אָבער ווען מיר זענען אַרײַנגעקומען קיין שטשעטשין, האָט די זון העל, קלאָר געשײַנט און פֿון דער גלאַנצנדיקער אָדרע האָט אַנטקעגנגעבלאָזן אַ וואַרעם ווינטל און אונדז פֿרילינגדיק באַגריסט. אין מיטן ווינטער, דעם 14־טן יאַנואַר, האָט זיך אין שטשע־

טשין געפילט דער פרילינג. שפּאַצירנדיק כיים ברעג פון טייך, איז אין געדאַנק כסדר געשטאַנען דאָס בילד — „פרילינג ביים טייך אָדרע" — דאָס בילד, ווי דאָ ביי דער אָדרע איז געבוירן געוואָרן דער פרילינג פון נייעם לעבן.

אין דעם זונטיקדיקן אָפּרו־טאָג איז דער ברעג פול געווען מיט פישער־אַמאַטאָרן. זיי האָבן אַריינגעלאָזט די ווענדקעס אין וואַסער און געדולדיק געוואַרט אויף זייער פאַנג, אַפּרוענדיק און אָפּפרישנדיק אַזוי אַרום די נערוון פאַר דער אַרבעט פון דער קומענדיקער וואָך. די ווייסע מעוועס, ענלעכע צו שלום־טויבן, האָבן אַרומגעטאַנצט אויפן וואַסער, געפאָכעט מיט די פליגל און געשפּרונגען פון טייך אויף דער ערד און פון דער ערד צוריק אין טייך אַריין. מאַסן קינדערלעך, מיט פולע פנימלעך, האָבן שפּאַצירט ביים ברעג. זיי האָבן זיך געפרייט מיט די מעוועס, צוגעוואָרפן זיי עסן. די מעוועס האָבן אַרומגעהאָפּקעט, געפּאַטשט מיט די פליגל, און די קינדער האָבן זיי אָפּגעענטפערט מיט אַן אונטערשפּרונגען אויף די פיסלעך, מיט פריידיקע אויסגעשרייען.

אינאָווענט האָט אין דער אָדרע זיך געשפּיגלט אַ פולע, דורכזיכטיקע לבנה. אָבער אין דער צייט האָבן אַ סך שטשעטשינער יידן שפּאַצירט אויף אַנדערע גאַסן. זיי זענען געגאַנגען אין דעקאָרירטן קלוב פונעם טריקאָטאַזש־קאָאָפּעראַטיוו.

אַלע בענקלעך אין קלוב זענען שוין געווען באַזעצט, און דער עולם האָט נאָך אַלץ געשטראָמט. די פרייע ערטער, וווּ מען האָט נאָך געקענט שטיין, זענען שוין געווען פאַרנומען און די טיר האָט זיך נאָך אַלץ נישט פאַרמאַכט. עס איז נאָך געווען אַ ווינקל, פונוואַנען מען האָט די טריבונע נישט געזען, און אויך דאָס ווינקל איז געוואָרן איבערפולט. מען האָט נישט געוואָלט אַדורכלאָזן די געלעגנהייט. עס זענען אַהערגעקומען עטלעכע יידישע שרייבער, און אַלע האָבן געוואָלט זיין אויף דעם ליטעראַרישן אָוונט...

נאָך דעם אָפיציעלן טייל האָבן זיך איינער נאָכן אַנדערן אָפּגערופן מענטשן פון זאַל, געפאָדערט וואָס מער ביכער, געפאָדערט פון די שרייבער וואָס מער שאַפונגען. מאַמעס ווילן יידישע לידער פאַר זייערע קינדער, לערער ווילן מעשיות און לידער פאַר זייערע שילער.

— אין אונדזערע צייטן ווערן די שרייבער אָנערקענט ביים לעבן און נישט ווי אַמאָל, — הערן זיך שטימען אין דער דיסקוסיע.

— אָבער די שרייבער דאַרפן מער שרייבן פון אונדזער לעבן, פונעם אַרבעטער...

— עס איז היינט נישט שווער צו געפינען קיין העלדן...

— די העלדן בויען דאָס לעבן, און די שרייבער דאַרפן פון זיי בויען זייערע ביכער...

# מיטן בוך צווישן יידישע פויערים

מיר האָבן ביז איצט געוווסט וועגן דעם זיידן פון דער יידישער ליטעראַטור, אָבער קיין זיידע פון די יידישע לייענער האָבן מיר נישט געקאָנט. אַזאַ זיידע האָבן מיר געטראָפן אין פּיעשיץ צווישן די יידישע פויערים. אויך מיט אַ גרויס שפּיציק בערדל, אָבער מיט יונגע ברענענדיקע אויגן. ער איז געשטאַנען ביי דער טיר פון קלוב, יעדערן פון אונדז אַריינגעכאַפּט די האַנט אין זיינער און אַ דער־פרייטער לאַנג געטרייסלט מיט איר:

— אַבי איר זייט געקומען, אַבי איר זייט געקומען.

אַ ביסל פריער האָבן מיר אויסגעהערט טענות פון די פּיעשיצער יידן, פאַר־וואָס מיר האָבן פאַרשפּעטיקט, דער עולם וואַרט שוין אַזוי לאַנג, די מענטשן זענען אומגעדולדיק. דער זיידע אָבער האָט קיין שום טענות נישט געהאַט. אַבי מיר זענען געקומען, אַבי מיר זענען דאָ. קיין גרעסערע פרייד קאָן נישט זיין. און דאָס פּנים זיינס איז טאַקע געווען פול מיט פרייד. ער וואָלט נאָך אַפילו גרייט געווען צו וואַרטן גאַנצע שעהן אויף די יידישע שרייבער.

אין אונדזער קורצן שמועס מיטן זיידע פּראַנקענשטיין האָבן מיר זיך דער־וווסט, אַז ער איז אַ ווילנער ייד. ער איז נאָך געווען אַ מיטגליד אין דער סדקפּל.

די אַטמאָספעריע אין פּיעשיץ איז אינגאַנצן אַן אַנדערע ווי אומעטום. די אַנדערשקייט האָט זיך געוויזן אין די פּנימער, אַפילו אין די בליקן און אין רעדן. פּיעשיצער יידן פאַרנעמען זיך מיט ערדאַרבעט, און זיי זענען פּשוט און אומ־מיטלבאַר.

ווי ווייט זענען די פּיעשיצער פויערים פון די אַמאָליקע פאַרגרעבטע ישובֿ־ניקעס, וועלכע האָבן גערעדט מיט דער גראָבער, האַרטער רייד און ביים איבער־לייענען אַ בריוול אָדער ביים אונטערשרייבן זיך געדאַרפט אויסזוכן אַ תירוץ, אַז די ברילן האָבן זיך זיי צעבראָכן. די יידישע פויערים פון פּיעשיץ לייענען הייַנט ביכער אין דער יידישער, פּוילישער און רוסישער שפּראַך. זיי האָבן פאַר־געלייגט פאַרן פאַרלאַג „יידיש בוך" אַ גאַנצן פּלאַן פון ביכער, וועלכע זיי וואָלטן געוואָלט האָבן. זיי ווילן אַזעלכע ביכער, וואָס זאָלן אָפּשפּיגלען דעם הייַנטיקן

אויפֿבוי, האָט לעבן פֿון פֿויער, ביכער פֿאַר קינדער, וועגן דער אַוואַנסירנדיקער פֿרוי, וועגן יידישע רעוואָלוציאָנערע קעמפֿער. אַלץ, אַלץ, אַלץ ווילן זיי האָבן, זיי זענען זייער זשעדנע נאָכן קינסטלערישן און אויפֿקלערערישן וואָרט.

נאָכן שליסן דעם אָוונט איז דער עולם נאָכנישט אַוועק אַהיים. עס האָט זיך ערשט אָנגעהויבן דער אמתער קאָנטאַקט צווישן די לייענער מיט די שרייבער, און די שמועסן זענען געוואָרן נאָך אינטימער, נעענטער. ווען מיר האָבן אויסגעפֿרעגט די מענטשן וועגן זייער לעבן, מיט וואָס זיי באַשעפֿטיקן זיך, האָבן זיך טייל געוווּנדערט. וואָס הייסט, מיר ווייסן דאָס נישט. זיי אַרבעטן דאָך אין דער לאַנדווירטשאַפֿט, זיי, די פֿויערים, זענען דאָך שוין געווען באַשריבן אויף אַ גאַנצער זייט אין דער „פֿאָלקס־שטימע“. אָבער זיי דערציילן זייער גערן וועגן זיך, זאָל מען וויסן, וויאַזוי עס לעבן היינט יידישע פֿויערים און ווי שטאַרק זיי זענען איבערגעגעבן דער פֿאָלקס־מלוכה. מיר האָבן אויך געפֿרעגט דעם יידן פֿראַנקענשטיין, ביי וואָס ער אַרבעט. די פֿראַגע איז געשטעלט געוואָרן אפֿשר פֿון געוווינהייט, און מיר האָבן זיך באַלד געפּרוּווט צוריקכאַפּן: אפֿשר האָבן מיר אים אַריינגעבראַכט אין אַ פֿאַרלעגנהייט.

— איר זענט דאָך שוין אַן עלטערער מענטש...

אַלץ האָט אונדז דער ה׳ פֿראַנקענשטיין מוחל געווען — וואָס מיר האָבן פֿאַרשפּעטיקט, וואָס מיר קאָנען נישט בלייבן מיט זיי נאָך אַ ביסל, נאָר ער האָט אונדז נישט געקאָנט מוחל זיין, וואָס מיר האַלטן אים פֿאַר אַן אַלטן מענטש. ער האָט אונדז אָפּגעענטפֿערט:

— ווען דאָס האַרץ איז יונג, איז מען נישט אַלט. ווי קאָן מען היינט זיין אַלט ביי אַזאַ ניי, יונג לעבן, ביי אַזאַ פֿרייד.

# נומערן און וואַלן

אויף דער זגערזשער גאַס אין לאָדזש איז אַ מאַמע אַריינגעפאַלן אין דער שטוב מיט אַ צעפלאַמט פּנים און אָנגעזאָגט איר פּופּציעריק ייִנגל די בשורה, אַז ער קאָן קריגן אַרבעט. פאַר דער גמינע דרייען זיך אַרום ייִדן און זוכן מענטשן, וואָס זאָלן טראָגן פּלאַקאַטן מיט נומערן צו די וואַלן.

די שכנטע דורך דער וואַנט האָט דאָס געהערט און אַ געשריי געטאָן צו איר ייִנגל.

— מענדל, לויף גאָר אַהין אין דער גמינע אַריין, מ'גיט דאָרט אַרבעט.

ביידע ייִנגלעך האָבן גלייכגעמאַכט די טוכענע, רונדיקע היטלעך אויף די קעפּ, פאַרקנעפּלט די לאַנגע צייגענע כאַלאַטלעך און געלאָפן אין דער גאַס אַריין. אויף די טרעפּ האָבן זיך ביידע צוזאַמענגעשטויסן, אָבער קיינער פון זיי האָט נישט געזאָגט וווהין און צאַך וואָס ער לויפט, יעדער פון זיי האָט מורא געהאַט, אַז דער צווייטער זאָל אים נישט אויסכאַפּן די אַרבעט.

דאָס מזל האָט ביידן צוגעשפּילט. פון מאָרגן אָן וועלן זיי פון אינדערפרי ביז פאַרנאַכט טראָגן איבער די גאַסן אַ ברעט מיט אַן אַרויפגעקלעפּטן נומער, רופנדיק, אַז מ'זאָל פאַר דעם דאָזיקן נומער שטימען. זיי וועלן קריגן באַצאָלט פון טאָג. ביידע ייִנגלעך האָבן באַקומען צוויי באַזונדערע נומערן. אָבער זיי האָבן נישט געוווסט, אַז זיי דאַרפן זיך פיינט האָבן, ווייל זיי, די נומערן געהערן צו צוויי פאַרטייען, וואָס באַקעמפן זיך.

אַ טאָג פאַר די וואַלן האָט מען מענדלען צוגעזאָגט צו געבן אַ טאָפּלטן לוין, אויב ער וועט ביי זיין קעגנער — דאָס הייסט ביי זיין חבר און שכן, אַרויסרייסן דעם נומער, און אויב ער וועט דאָס נישט טאָן, וועט ער גאָרנישט קריגן באַצאָלט.

די ייִנגלעך האָבן די פאָר זלאָטעס פאַרדינט. די וווּנדן, וואָס דאָס ביסל פאַרדינטע געלט האָט זיי געקאָסט, זענען נישט געווען קיין געפערלעכע. צי די קאַנדידאַטן, פאַר וועלכע זיי האָבן געקעמפט מיט זייער בלוט, זענען אַריין אין סיים,

האָבן זיי גישט געוווסט. איבעריקנס, איז זיי נישט געווען קיין אונטערשיד. די פּאָר זלאָטעס אויף שפּלעכבע טעג צו לעבן האָבן זיי שוין אָפּגענומען.

פון דעם הערמאַנטן פאַקט בין איך אַליין געווען אַן עדות. איך האָב גע־וווינט אין שכנות מיט די יונגלעך.

די יונגלעך און די מאַמעס, וואָס האָבן געשאַפן פאַר זיי די „אַרבעט", האָבן זיך אפילו נישט אָפּגעגעבן קיין רעכענונג, אַז דאָס ביסל געלט האָט מען זיי באַצאָלט הערהפאַר, אַז זיי זאָלן זיך לאָזן פאַרגרעסערן די נויט, זיי זאָלן נאָך אַליין צוהעלפן אין דעם.

איך ווייס נישט, צי די צוויי יונגלעך לעבן נאָך הייגט, אָבער אַ סך ענלעכע צו זיי לעבן אויף זיכער. מען קאָן זיי טרעפן אין אונדזערע קאָאָפּעראַטיוון און פאַבריקן, פיל פון זיי זענען אינזשעניערן אין די גרויסע הוטעס, אין דער באַרג־אינדוסטריע. זיי זוכן נישט קיין אַרבעט, עס פעלן ביי אונדז הענט צו הער אַר־בעט!

* * *

פאַראַנדיק קיין וואַרשע אויף דער לאַנד־קאָנפערענץ פון דער יידישער באַ־פעלקערונג אין פוילן, האָבן די לאָדזשער דעלעגאַטן זיך געטראָפן ביי דער באַן פונקט דעמאָלט, ווען עס איז אויפגעגאַנגען די זון. זי איז אויפגעגאַנגען נאָך עטלעכע טעג רעגן, ווען זי איז אינגאַנצן געווען באַהאַלטן אונטער דעם טריבן הימל.

צוזאַמען מיטן „גוט־מאָרגן" האָבן זיך מענטשן באַגריסט מיט אַ הייםלעכן שמייכל.

— הייגט וועט זיין אַ שיינער טאָג.

דעם זעלבן שמייכל האָט מען געזען אויפן פּנים פון אַרבעטער, פון לערער און פון דאָקטער; פון מייסטער, פון שרייבער און פון אַרטיסט; פון אַדוואָקאַט, פון האַנטווערקער און פון דער הויז־באַלעבאָסטע.

אין דער זעלבער צייט זענען מיט די באַנען אויף אַלע וועגן פון לאַנד, פון די נאָענטסטע און ווייטסטע שטעט געפאָרן דעלעגאַטן, און אַלע האָבן אין דער זעלבער שעה זיך געטראָפן אין דער געביידע פון יידישן היסטאָרישן אינסטי־טוט, וואָס שטייט ביי דעם פריידן, ליכטיקן דזשערזשינסקי־פּלאַץ, ווי אַ רייכער שלאָס. די דעלעגאַטן האָבן פון אַלע שטעט אין לאַנד מיט זיך מיטגעבראַכט דעם זעלבן הייםלעכן שמייכל:

— הייגט וועט זיין אַ שיינער טאָג.

דורך די ברייטע פענצטער פון קאָנפערענץ־זאַל אין יידישן היסטאָרישן אינ־סטיטוט האָט אַרייגגעשפּאַרט דאָס ליכט פון שיינעם אינדרויסן, דאָס ליכט פון

מ.ד.מ. און פון דער טראַסע וו—ז, דאָס ליכט פון דעם גאַנצן נייעם, אויפבליענדיקן וואַרשע.

דער שיינער טאָג איז אויך געקומען פון איבעוויניק, פון די מענטשן אין זאַל, פון די הייסע ווערטער פון די רעדנער, וואָס האָבן אַלעמען אָנגעצונדן, פון דער דערמוטערנדיקער שטימונג פון דיכטער, פון דער פרייד, וואָס די הונדערטער דעלעגאַטן האָבן מיטגעבראַכט פון זייערע אַרבעטס־פּלעצער, פון זייערע היימען, פון זייערע שטעט.

אויף די ווענט פון זאַל אין היסטאָרישן אינסטיטוט זענען אויסגעשטעלט בילדער פון די יידישע אומגעקומענע מאָלער, וועלכע האָבן איבערגעגעבן אויף דער לייוונט דאָס טרויעריקע לעבן פון אַמאָל. אַנטקעגנאיבער מיר זענען געהאָנגען דריי בילדער. עס האָבן פון זיי אַראָפּגעקוקט אַ באָבע מיט פאַרבראָכענע הענט, אַ יונגע פרוי מיט אַן איינגעגראָבן פּנים אין די הענט און מיט אַ שטאַרן האָפענונגסלאָזן בליק און דאָס פּנים פון אַ יינגל — מער סקעלעט ווי לעבן.

ווען אַ דעלעגאַטין פון דער טריבונע האָט דערציילט וועגן איר גליק, וואָס איר מאַן, אַ געוויינלעכער מאַליער־אַרבעטער, איז געוואָרן אַן אָנפירער פון אַ מלוכה־אונטערנעמונג, און וואָס איר זון שטודירט אויפן פּאָליטעכניקום, האָב איך זי פאַרגלייכט מיט דער פרוי אויפן בילד, וואָס פאַרברעכט די הענט, און בולטער איז אויפגעקומען דער אונטערשיד פון אַמאָל און היינט.

ווען די אַכציניעריקע שילערין האָט דערציילט, אַז זי האָט די מעגלעכקייט צו ווערן אַ לערערין אין אַ יידישער שול אָדער ווייטער צו שטודירן, ווען עס האָט געמעלדט דער יונגער אינזשיניער, וועלכער איז באַלוינט געוואָרן מיט אַ מלוכה־פּרעמיע, האָט זיך מיין בליק אָנגעשטויסן אויפן האָפענונגסלאָזן בליק פון דעם מיידל מיטן איינגעגראָבן פּנים אין די הענט, און איך האָב געזען, ווי ווייט מיר זענען אַוועק פון יענער טרויעריקער צייט.

ווען דער דערציער פון דער קינדער־היים האָט איבערגעגעבן, ווי דער יתום ווערט היינט פולשטענדיק אויסגעהאַלטן פון דער מלוכה, האָט אַלע מעגלעכקייטן זיך צו בילדן, צו אַרבעטן און שאַפן לויט זיינע פעיקייטן, האָב איך געמוזט אָפּקערן מיין בליק פון דעם יינגל ווי אַ סקעלעט אויפן בילד. איך האָב דעם בליק נישט אָפּגעקערט פון דעם קינד, נאָר פון יענע צייטן, וואָס האָבן אים אַזוי פאַרוואָרלאָזט.

יענע צייטן פון פּוילן געפינען זיך שוין היינט בלויז אויף בילדער אין די היסטאָרישע מוזייען, און דאָס גליק, וועלכעס עס האָבן מיט זייערע ווערטער געמאָלן די דעלעגאַטן, הייבט ערשט אָן צו לעבן.

---

# אינהאַלט:





